# שיר השירים

מיט א אריגינעלע און בעדייטונגספולע יודישע איבערזעצונג

גלייכצייטיגע ערקלערונגען און אויפקלערונגען פון די מאמענטען וואס ווערען דערמאָנט אין שיר השירים — לויט די מדרשים און אגדות חז״ל.

בעאַרבייט און רעדאַגירט דורך:

משולם קאמינער



# איינלייטונג.

שיר־השירים, איז פערפאַסט פון שלמה המלך — דער קלוגסטער פון אַלע מענשען — וועמענס ווערטער עס בעהערשען און פיהרען אויך דעם נאַרישסטען מענש [1], זיי דרינגען אַריין און נעהמען געפאַנגען אויך דעם שטומפּזיניגסטען און אונעמפּינדליכסטען; דאָס שעהנע משל, דער פּאָעטישער רייך און די סימפאָנישע קלאַנגען, מאַגנעטיזירען־צו צו זיך יעדערען; זיי פערכאַפּען ענטציקענד דעם צוהערער, אזוי, אַז ער הויבט אָן סטיכיש מיטברומען שלמה׳ס ווערטער, זיי שפּרייטען זיך אויס אין איהם און פילען אָן זיין געדאַנק הארץ און — מויל, און עס הויבט זיך דאָרט אָן אויסשיילען דער הייליגער קערען, וואָס שלמה האָט מיט טיעפער חכמה איינגעפלאָכטען אין די ווערטער.

אייגענטליך איז די גאַנצע תורה אַזוי געגעבען געוואָרען: גאָט׳ס וואָרט קומט צום מענש אין אַזאַ פאָרם, אַז עס זאָל זיין אויפנעהמבאַר פאַר די ערדישע מענשען־חושים; ווייזען איהם ביישפּיעלליך, דורך פערפאַסטע געזעצען און ביבלישע פּאַסירונגען, ווי אַזוי ביי יעדער געלעגענהייט דאָס לעבען צו רעגולירען. דאָס אין־סוף׳דיגע ווערט מיט גאָרנישט פערמינערט פונ׳ם פאָרמירטען לבוש און טערמין אין וועלכען דאָס וואָרט איז אַרומגעהילט. דער מענש דאַרף נור, בעמיהען זיך ביי יעדער מעגליכקייט, לויט זיין אָריענטאַציע, אויסשיילען דאָס אונענדליך־הייליגע וואָס איז דערין. אויף וויפיעל זיין מיה געלונגט איהם, אויף אַזוי פיעל הייליגט עס איהם און דערהויבט זיין גייסטיגען ניוואָ, עס ענטוויקעלט אין איהם אַ גאָר צאַרט ע פיינפיהלענדיגקייט, די חומר׳ישע אויגען ווערען דורכזיכטיגער און ער הויבט אָן צו זעהען, דעם פערבאָרגענעם הייליגען אינהאַלט פון וואָרט; אונטער דער פסיכישער ווירקונג פון תורה־וואָרט, וועלכעס ווענדעט אָב זיין בליק פון דער שיינבאַרער אויבערפלעכליכקייט, צעוואַקסט זיך זיין גייסט אַלץ העכער, טיעף אַריינדרינגליכער און אַלעס אַרומנעהמענדער.

אין דער חכמה, פון פערשלייערען אַלעס אין אַ לבוש, האָט שלמה־המלך מיט פיעל פיעל איבערגעשטיגען אַ סך נביאים: ער האָט די אצילות׳דיגע אַבסטראַקטען, פערהילט אין אַזאַ פרימיטיווען — אָבער דאָך אָנציהענדען פאָרם, אַז עס זאָל אַזוי מאַגנעטיש רעדען צום הארצען אפילו פון פשוט׳סטען מענשען, — מיט די זאַנפטע נאַטור־טענער רייסט דאָס וואָרט כיז׳ן האַרץ און פערוואָרצעלט זיך דאָרט, עס בעוועגט זיין מויל סטיכיש, די ווערטער פיעל מאָל צום ווידערהאָלען, און עס וועט איהם ממילא דערהויבען, אַרויפציהען, בילדען אין איהם אַ אָריענטירונגס־פעהיגקייט צו פערבאָרגענע נרעניצלאָז־הייליגע, טיעפע סודות.

---

1) ויחכם מכל אדם — אפילו הן השוטים.

עס זענען אָבער געווען צייטען און מענשען, וועלכע האָבען געזוכט בלויז די אויסערליכע ווערטער-סימפאָניע פון שיר השירים, אַמוזירט זיך מיט די בלויזע פּאָעמאַ, וואָס גלעט אַזוי צאַרט די פיינפיהלענדע חושים און פון וועלכער עס דופטעט יוגענד און פריהלינג׳ס אַראָמאַט. זיי האָבען זיך ניט פערטיעפט דערין, נור בעגנוגענט זיך מיט די בלויזע צוציהונג׳ס עפעקטען וואָס שלמה האָט בעשאַפען, אום צו געוואונען פאַר דער קדושה דאָס יודישע הארץ, — אין אַזאַ צייט האָט מען געוואָלט אָבטיילען דעם ספר שיר-השירים פון גאַנצען תנ״ך, ווייל די מאַסע קען ניט דערלערנען דאָס ספר. עס זענען דאַן אויפגעשטאַנען די אנשי-כנסת-הגדולה און פערעפענטליכט אַ הייה קאָמענטאַרען און אויפקלערונגען לויט וועלכע מען בעדאַרף פערשטעהן דעם בעדייט און אינהאַלט פון די ווערטער.

*

פון שיר השירים דערטראָגט זיך אַ פערבענקט ברומען פון דער יודישער פאָלקס-נשמה (כנסת ישראל) צו גאָט; דאָס דאָזיגע בענקשאַפטס-ברומען מוז אויך דערהערט ווערען: אין הימעל מוז עס אַרויסרופען אַ רחמנות צו די יודען, אויפנעהמען זייער געבעט, זייער לעכצענד וואָרט, זייער הארציגען רוף צו גאָט; די ווערטער פון שיר-השירים, ווען זיי ווערען דורכ׳ן יוד אַרויסגעזאָגט מיט דער געהעריגער כוונה, דערוועקען זיי ביי איהם געפיהלען פון די אצילות׳דיגער בענקשאַפט ער ווערט דאַדורך צוגעקניפּט, פעראייניגט און דערהויבען, צו דער שכינה, וואָס ערוואַרט זיין אמת׳ן נעגעהר צו גאָט.

*

שיר השירים, האָט שלמה המלך פערפאַסט אין זיינע יוגענד-יאָהרען: די יודישע מלוכה איז דאַמאָלס געווען שטאַרק צעבליהט און פונאַנדערגעצווייגט אויף חייט און ברייט, ווי אויך טיעף און פעסט פערוואָרצעלט אינ׳ם באָדען. שלמה המלך, אָבער, זעהט מיט זיין נבואה אַלע שווערע צייטען, אין דער צוקונפט פאַר יודען, ווי דאָס פאָלק וועט זיין פערטריבען פון זיין היים-לאַנד, לעבען אין דער פרעמד, צווישען טיראַנישע הארצלאָזע פעלקער, אונטער גרויזאַמסטע בעדינגונגען, אונטער אכזריות׳דיגע פערפאָלגונגען פון יודען-פיינד; עס וועט אַזוי זיין, אַ גלות נאָך א גלות, א חורבן נאָך א חורבן, אַ פיין נאָך אַ פיין ——— זיינע ווערטער, אַלזאָ צעמענטירען די טיעפע בענקשאַפט, פון דער יודישער פאָלק׳ס-נשמה וואָס נעסטעט ביי יעדען יוד אין הארצען, און דאָס איז דער אייביגקייט׳ס פאָדים וואָס פערבינדעט יעדען יוד מיט זיין פאָלק, און זיינע מעשים ווערען אַריינגענומען אין חשבון פון פאָלק ישראל — וואָס דאַרף אויפגעריכט ווערען, נאָך די געהעריגע פערדינסטען פון פאָלק זעלבסט.

די יודישע גלות - מערטיראָלאָגיע און די לעכצענדע בענקשאַפט. יועדע ביי שלמה'ס נבואה פערבילדליכט אין — אַ פערלאָזענע פרוי, וועמענס מאַן עס איז ווייט, ווייט אַוועק, זי פערגעסט איהם דאָך נישט, און הערט נישט אויף, אויף קיין איין ווײַלע, צו בענקען; זי רייסט זיך צו איהם, בעט איהם איבער מיט די תחנונים'דיגסטע ווערטער, דערמאָנט איהם די יוגענדליכע ליעבע און דאָס אנגענעמע גוטע צוזאַמענלעבען; גלייכצייטיג, איז זי זיך מתודה אויף איהרע בעגאַנגענע זינד און פעהלערען, מיט פול בעדויערונג און חרטה; זי דערצעהלט איהרע צרות, וואָס מוז ביי איהם אַרויסרופען רחמנות, און ער דערמאָנט איהר, אַז ער געדענקט זי גאַנץ גוט, אַז ער האָט קיינמאָל נישט פערגעסען די אַמאָליגע צייטען, איהרע גוטע און מעלות'דיגע אייגענשאַפטען; ער טרייסט איהר, אַז ער האָט זי נישט, הלילה, פערגעסען, אַז ער האָט איהר נישט פערלאַזען אויף שטענדיג, אַז זיי וועלען נאָך ווידער גליקליך צוזאַמענלעבען, ווען, עס וועט קומען די צייט דער קץ הפלאות...

שיר השירים איז דאָס ליעד, וואָס דאַרף אויפציטערען די לירישע טענער פון יודישען הארץ, צו פערבענקען זיך אין דער ליעבשאַפט נאָך גאָט. די שווערסטע פיינליכסטע מאָמענטען פונ'ם יוד — וואָס עס איז אונבעדינגט אַ קאָנסעקווענץ פונ'ס זינדיגען לעבען, וואָס יודען האָבען געפיהרט — איז פאָרגעזעהען אין דער תורה. דאָס פערטיעפען זיך אין דער גרויסקייט, מעכטיגקייט און גוטסקייט פון גאָט, רופט אַרויס אַ אונבעדינגטע ליעבשאַפט, אַפילו ווען מען זעהט זיך פערשטויסען, פערטריבען, בעדאַרף מען עס בעטראַכטען נור פאַר אַ לייטערונגס פראָצעדור די קריסטאַליזירונג קען אַנדערש נישט פאָרקומען ווי דורך צרות און יסורים; די לעצטע זענען דער טרייב - שטויס צו — תשובה, בעזינען זיך, צו פערבעסערען דעם לעבענס - אַרט, וואָס וועט ממילא דערפיהרען צו דער אייביגער גרויסקייט פון יודען, אָבער — שוין אויף אייביג.

# א קורצע אינהאלט'ס = אנדייטונג.

(ערשטעס קאַפיטעל):

(א) גאָט'ס וואָרט וואָס האָט אויף אייביג בעשטימט די יודען צו זייער הויכער מדרגה, רוהט שטענדיג אַרום דער יודישער מחנה, און איז פערשטעלט פון מענשליכען פליישיגען אויג, מיט אַ גשמיות'דיגער פערהילונג. אָבער די יודישע פאָלקס - נשמה, דערפיהלט, דאָס וואָס עס געפינט זיך אין דער גשמיות'דיגער שאָל, און זי וויל זיך דורכרייסען, דורך דער שייד - וואַנד וואָס איז מפסיק צווישען גאָט און איהר, מיט דער קראַפט פון איהר צום

וכסא-הכבוד זיך רייסענדיגען געבעט וואָס לעכצט —

(ב) צו דערגרייכען יענעם ערהאבענעם מאָמענט פון מתן - תורה ווען גאָט'ס וואָרט איז נישט בלויז געהערט נור אויך געזעהען געוואָרען, איבער־געהענדיג פון גאָט צו די יודען דירעקט, יוי געליעבטע, מויל צו מויל זיך קושענדיג, איבערגעבענדיג זיך אינטימסטע סודות. אזא בעציהונג האָט די יודען דערהויבען צו א אויסערסט - העכסטער מדרגה. (ג) און גאָט'ס וואָרט האָט דערגרייכט די יודען, דורכשפּארענדיג אלע מחיצות, אזוי ווי גוטער אראָמאט, שפּרייט זיך פונאנדער און ווירצט די ארומיגע לופט חיים און ברייט. וואָגאר זענענדיג פערשלאָסען אין א חומר׳דיגען לבוש, קען גאָט'ס וואָרט ארויסהויבען דעם מענש פון זיין בעשרענקטקייט. און דאָס געבעט איז טאַקי: (ד) מיר, אן - און - פאר - זיך, זענען גאָרנישט, בלויז דורך דיר גאָט, קענען מיר דערהויכט ווערען, דיך זעהען און דערקענען, אויב נור דיין וואָרט וועט אונז רופען נאָכצוגעהן. גלייכצייטיג וואָרפען די יודען אָב דעם פעראכטענדען בליק פון די פעלקער, צו וועלכע זיי זאָגען: (ה) מיינט נישט אז מיר זענען זינדיג געפאלען, אזוי ווי איהר, חייל מיר לעבען צוזאַמען מיט אייך — ניין! מיר בעדאַרפען נור איבערקומען די פיינליכע צייט, פון ליידען און געליימערט ווערען, פון צרות דעם טריעב צו תשובה צו בעקומען; (ו) און טאַקי אָט די יודען, האָס פערקוקען זיך אויף אייך, אָט זיי פערלענגערען די צייט פון גלות. (ז) און דאָס יודישע פאָלק אפעלירט צו גאָט: פארוואָס ער לאָזט זיין ליעבלינג - פאָלק ארומבלאָנ־קען, ווי בלאָנדזשענדע צווישען פעלקער? (ח) זיי בעקומען א ענטפער: אז די יודען ווערען קיינמאָל נישט פערבלאָנדזעט, אז זייער וועג איז שוין אָנ־געצייכענט נאָך פון די אבות: א יודישער וועג וואָס באַהנט זיך אין דער פרעמד, און אויף דעמזעלבען וועג וועלען געהן אלע קומענדע דורות. (ט) אָבער עס קומט א צייט ווען גאָט ווייזט ארויס עפענטליך זיין בעזונדערע פיהרונג פאר די יודען, ווי דאָס איז געשעהען ביי יציאת מצרים, קריעת ים - סוף א. ד. ג.; עס געשעהען פאר יודען נסים אויך דעמאָלס ווען זיי פערדינען עס נישט; (י) ווייל גאָט זעהט אין די יודען זייער געאייגענט־קייט צו דערטראָגען דעם עול תורה (יא) און די ספעציפישקייט פון יודישען לעבען ווען זיי דולדען עס נור אויס. (יב) נישט ווי ביי'ם חטא העגל ווען זיי האָבען זיך געאיילט צו זינד, נישט קענענדיג זיך דערוואַרטען ביז משה רבינו'ס צוריקקומען אין דער מחנה אריין. (יג) אָבער — גאָט איז די יודען שנעל מוחל זייערע בעגאַנגענע זינד. דען(יד) — עס דויערט נישט לאַנג, ביז גאָט הייסט שטעלען דאָס משכן, וואו זיי זעהען גאָט'ס נאָהנטקייט, פיהלען זיין טוליענדער ליעבשאַפט און דעם אראָמאַט פון די בעסטע געווירק־ריחות. (טו) דאָס אלץ געניסען די יודען אין זכות פון די פערדיענסטפולע צדיקים. (טז) די יודען דאַנקען אָבער גאָט אויך פאר דאָס פערדינסטפולקייט פון די צדיקים, וועלכעס איז נור א דאַנק דעם ווילען פון אלמעכטיגען, ווייל דאָס כסדרדי'גע יודישע דורות - ענטוויקלונג און איהר אייביגער אונערשיטערליכער עקזיסטענץ, איז א פראָדוקט פון גאָט'ס ווילען. (יז) אזוי

בעהט כסדר גאָט'ס ווילען, ביז'ן פערפעסטיגען די געשלאָסענקייט פון דער יודישער מחנה, פונדאמענטירט און צעמענטירט דורכ'ן בית המקדש האָט בע־גייט זיך נאָך יעדען גלות.

---

(צווייטעס קאפיטעל):

גאָט האָט צוגעטיילט דער ענטוויקלונג פון יודישען פאָלק די אייגענ־שאַפט פון די שאַרפסטע פלאַנצונגען. די ציבעל־בלום, אלס זעהר אָפטיש־רייצענד אָהן אַ בעזונדער אויסגעצייכענטען געשמאַק, עפענט איהר בעכער בלויז אונטער די זון שטראַלען און איז אין שאָטען צוריק איינגעשלאָסען; די רויז — מיט אַ זעהר נאַרקאָטיזירענדען אַראָמאַט, אונטער די זון — איינגעשלאָסען, זאַמלענדיג אין זיך לעבענס־קראַפט, אַרויסצוגעבען איהר דופט נאָך זון־אונטערגאַנג:

(א) דאָס יודישע פאָלק צעבליהט אויך איהר ענטציקענד שעהנקייט אונטער'ן אָפענבאַרען שיין פון גאָטס הסד'דיגע בעגינסטיגונג, און דאָס קערענדיגע פון פאָלק'ס־אָרגאַניזם, זאַמעלט זי איינגעשלאָסענהייד קאָנסערווירענדיג אין זיך לעבענס־קראַפט אויף פאַר אַ שאָטענדיגער (גלות־) צייט. אָבער, (ב) ווי די רויז צווישען דערנער, וועלכע מוז וואַקסען העכער בכדי צו בלייבען אונבעשעדיגט, אַזוי מוזען אויך די יודען זיך דערהויבען העכער צווישען די דאָרטיגע פעלקער. (ג) צו דער דערקענונג פון גאָט'ס פיהרענדע האַנד, פערהילט אין דער נאַטור, דערגרייכען נור די יודען, פיה־לענדיג און אויסגעפינענדיג דעם בעפרוכטעטען עפעל־בוים אין שאָטען צווישען די אַרומיגע וואַלד־ביימער; און דערפאַר וואָס די,יודען דערקע־נען און פערבינדען זיך אַזוי פעסט אין גאָט'ט וואָרט,(ד) האָט גאָט בעשטימט די יודען אַלס די איינציגע פאַסיגע פאַר דער הויכער מדרגה, זיי זאָלען בויען זיינע הייליגקייטען זייער לעבענס־אַנשויא איז אין האַר־מאָניע מיט'ן הויכען תורה־אידעאַל. (ה) ביי אַזאַ הויך־גייסטיגע מדרגה קען מען זיך לייכט פערליערען און אויסער זיך ווערען, ווען די יודען פאַ־לען אַראָב און ווערען צוריק פערטריבען אין גלות, ווען נישט וואָס די תורה־גדולים געפונען אַנ'ערמוטיגענד שטאַרקונג'ס־וואָרט פאַר די יודישע מאַסען. (ו) און דעם מוט בעקומט מען, פונ'ם אַריינטראַכטען זיך אין דער פערגאַנגענהייט ווי די יודען זענען תמיד געשיצט געוואָרען פון גאָט; (ז) און, אויך פאַר דער צייט, ווען יודען געהען אין גלות, האָט גאָט געוואָרענט די פעלקער אונטער אַ האַרבע שבועה, צו לאָזען די יודען פריי און אומ־בעשטערט פיהרען זייער אייגענאַרטיג לעבען. (ח) דער עיקר טרייסט געפו־נען די יודען, דערמאָנענדיג זיך זייער אַמאָליגע לאַגע אין גלות־מצרים ווי אונערוואַרטעט עס האָט זיך געלאָזט הערען דער רוף פון גאָט צו ער־לעזונג, כאָטש עס איז נאָך נישט געווען פערענדיגט די בעשטימטע צייט, ווי לאַנג יודען זאָלען זיין אין מצרים פערשקלאַפט, קוים אָבער איז די לאַגע געוואָרען אונערטרעגליך, און געדראָהט, אַז די יודען וועלען נישט אומשטאַנד זיין דעם קריטישען מאָמענט איבערצוהאַלטען, האָט גאָט איבער

געהיפט די צייט און זיי דערלייזט. (ט) דען, אויך פריהער, האָט, אונבעמערקט פאַר די יודען אַליין, געוואַכט גאָט׳ס השגחה אין די פערבאָרגענסטע ווינקעלעך פון יודישען לעבען; (י) האָט ער צוגעשיקט משה רבינו׳ן, אָנזאָגען די יודען זיי זאָלען זיך גרייטען פערלאָזען דעם גלות, (יא) ווייל די לעצטע פאַר יאָהר פון פערשטאַרקטע יודישע ליידען, זענען פאַר פיעלפאַך גערעכענט געוואָרען אין דעם רעכענונג פון יאָהרען-צאָהל, און עס איז אַלזאָ שוין דער טערמין פון בעפרייאונג. (יב) עס זענען אויך אויסגעוואַקסען אין דער געהעריגער מדרגה, יודישע ערלייזער (משה און אהרון), די יודען בעדאַרפען יעצט דערהויבען ווערען צו דער מדרגה, אַז די שירה צו גאָט זאָל זיך פון זיי סטיכיש אַרויסשפאַרען, (יג) ווייל זייער מתנה איז יעצט אַ געקליבענע, די רשעים זענען פערטיליגט, און עס איז אַלזאָ דער פאַסיגסטער מאָמענט צו גרייטען זיך צו קבלת התורה. (יד) אַזוי חשוב זענען די יודען אין הימעל, אַז זייער׳ס אַ אויפריכטיגער רוף צו גאָט קען זיי דערהויבען פונ׳ם שווערסטען מצב — אַזוי איז געשעהען ביים ים-סוף, ווען די יודען האָבען זיך אין דער קלעם געפונען צווישען די נאָכיאָגענדע מצרים אין ים, האָט מען אין הימעל געוואַרט אויף זייערס אַ רוף צו גאָט און נאָר דאָס דאָזיגע האָט זיך געהערט זענען זיי גלייך פון דער קריטישער לאַגע געראַטעוועט געוואָרען, (טו) די פיינדליכע מצרים ווערען אַלע פערניכטעט יונג און אַלט (טז) און די יודען געהען אַרויס ביי בעשאַפען, רייך אויסגעוואַקסען אין גאָט׳ס נסים פאַר די געטליכע מיסיע צו וועלכע גאָט פלעגט זיי מיט אַלעם נויטיגען (יז) אַזוי לאַנג, ביז די יודען זינדיגען נישט און קעהרען זיך נישט אָב פון גאָט. ווען זיי דערווייטערען זיך דאַן זענען זיי שוין אַליין שולדיג וואָס גאָט קעהרט - אָב שנעל זיין השגחה און שיץ איבער זיי.

(דריטעס קאַפּיטעל);

(א) אַכט און דרייסיג יאָהר פערברענגט דאָס יודישע פאָלק אין דער מדבר, נאָך דער זינד פון עגל און מרגלים, פערפיגסטערט, פערלוירען די געטליכע פיהרענדע האַנד, פון דער מדבר אַריין קיין ארץ ישראל. (ב) די יודען בעקלאָגען זייער לאַגע, אָבער עס ענדערט זיך נישט — בלויז אַ מ ל א ך צו פיהרען די יודען שיקט גאָט. (ג) משה און אהרן געהען אַרום אין דער יודישער מחנה, לערנען, כדי אַיהר צו דערהויבען צו דער העכסטער מאָראַל, אָבער עס דויערט, ביז עס געהט אַריבער די צייט וואָס איז אין הימעל בעשטימט געוואָרען. (ד) ערשט קורץ פאַר דער פטירה פון משה רבינו, קומט גאָט׳ס רוף, אַז די יודען זאָלען פאַראויס מאַרשירען און ערבאָבערען דאָס געהאָפטע לאַנד — עס קומט די צייט פון יהושע בן נון, וועלכער פיהרט אַריין די יודען קיין ארץ - ישראל, און גאָטס הייליגקייט ווערט אַריינגעפיהרט אין משכן שילה. (ה) אויפ׳ן דאָזיגען וועג שטויסען זיך די יודען אָן די פעלקער, וואָס ווילען אָבשוואַכען זייער ליעבע און צוגעבונדענקייט צו גאָט. זאָגען די יודען: געדענקט די שבועה אונטער וועלכע גאָט האָט אייך געוואָרענט, צו - רוה צולאָזען די יודען. (ו) אַנדערע פעלקער זענען א׳בעראַשט פון יודענס גרויסקייט, בעוואונדערען

די געטליכע קדושה וואָס רוהט איבער זיי און נעהמט אַרום זייער מחנה. (ז) אויך דאָס בית המקדש ווערט אַרומגערינגעלט פון אַ פּריסטערליכע עהרען - וואַך, וועלכע פערטרייבען מיט זייער מעטאַפיזישער קראַפט די רויהע פיזישע העלדען, (ח) גרייט מיט'ן גאַנצען אַבסטראַקטען וואָפען, אָבצושלאָגען די פיינדליכע דראָהונגען. (ט) אַזוי בעשטעהט די גאַנצע יודישע צערליכטקייט פון הוילער הייליגקייט: (י) דאָס קדשי - קדשים, דאָס פרוכת, די בית = המקדש כלים—(יא) אַז אַלע פעלקער זעהען דאָס יודישע אוניקום, זייער ספּעציפישקייט פון אַנדערע פעלקער, אַז די יודען פאַלען אַרונטער אויסשליסליך דער הימלישער הערשאַפט, די תורה - געזעצען.

(פיערטעס קאַפּיטעל):

אויך אין הימעל ווערען די יודען געליבט, (א) פאַר זייער אָפּפער-ווילליגקייט אין דער פערטיידיגונג פון גאָט'ס וואָרט. זאָגאַר די פּרימיטיווע מאַסע, איז מיט זייער עטישער און הומאַנער אויפפיהרונג אַ האַרמאָנישע רינגעלע אין דער געשיכטליכער קייט ביז צו די ערשטע אבות.

(ב) אויך אין זייער סיסטעם פון בעקעמפען און פערניכטען דעם פיינד, זענען זיי אַנ'אויסנאַהם פון אַנדערע פעלקער. (ג) רעכענענדיג זיך בלויז מיט די געזעצען פון דער תורה וועלכע שטעלט אַלע אין איין רייה און לאָזען זיך צוזאַמען פון איהר; (ד) ווענעמנס פעראָרדנונגען עס ברעכען זיך דורך דעם סנהדרין אָרגאַן וואָס וואַכט, אַז עס זאָל אינ'ם פאָלק נישט אַריינקומען קיין צופאַלעגקייט. (ה) די דאָזיגע תורה - אָרגאַנען קייטלען זיך דורך דורות, פון משה רבינו און זיין ברודער אהרן אָן. (ו) אפילו אין די טראַגישסטע חורבן-טעג און ביים רואין פון משכן שילה, שיינט באַלד אויף אַ נייע ליכטיגקייט און פיהרט צום בוי פון בית המקדש אויפ'ן הר המוריה. (ז) דאָרט זעהט מען ווידער דאָס יודישע פאָלק אין זיין הימלישען גלאַנץ. (ח) אפילו אין גלות איז ער בעגלייטעט פון גאָט'ס וואָרט, אויך צוריק פון גלות, טרעט גאָט'ט וואָרט פון איהם נישט אָב. גראָד אין גלות דערזעהט מען ערשט זיין פערטרויען אין גאָט'ס וואָרט, וואָס עס איז טאַקי זיין זכות זוכה צו זיין צו קבוץ-גליות, פון אַלע פונאַנדערגעוואָרפענע אונטעריאָכטע יידען. (ט) אַלע זכותים שטעלען זיך פאַר גאָט: פון די אבות — מיט אברהם בראש; פון די תורה-מדרכים — מיט משה רבינו בראש; (י) פון אַלע ווייטער-דיגע יודישע פערהייליגונג'ס - מאָמענטען, וועלכע פערהערליכען גאָט'ס נאָמען אין דער וועלט; (יא) פון די פיעל תורה און מצוות וואָס יודען לערנען און טהוען און (יב) פונ'ם אָבגעשלאָסענעם זיטליכען פאַמיליען - לעבען וואָס די יודען פיהרען; (יג) אַלע שטאַמלינגען זענען אין האַרמאָניע מיט זייע-רע אור - עלטערען — (יד) ציהען זיך ווייט און ברייט, צו דער העכסטער מדרגה; (טו) און דאָס אַלץ ציהט יניקה פון דער הייליגקייט, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אין בית - המקדש—דערפאַר טאַקי בעפעהלט גאָט: (טז) יודען, וואו נור זיי געפונען זיך, אין דרום און צפון, זאָלען קומען און בעלעבען דעם צענטער פון דער יודישער אייניגקייט, אַרום דעם בית המקדש.

(א) די יודען, מיט זייער לעכצענדער גארונג, האבען ארויסגערופען גאָט'ס כבוד אין דער אָפּענבארקייט, זיי האָט געלונגען אויפצושטעלען דאָס ערשטע בית המקדש מיט געטליכע קאָנסטרוקציע. עס האָט זיך געפיהלט די היימישליכקייט אינ'ם אויספיהרען גאָטס וואָרט און בעפעהלען, אינ'ם אויפברענגען די קרבנות אויף דעם הימלישען פייער, וועלכער עקזאלטידט די כהנים און די יודען, וואָס קומען אין בעריהרונג ביי'ם אויספיהרען די מצוות, זאָגאר אזעלכע וואָס זענען אין בעריהרונג דאמיט בלויז דורך עסען און טרינקען. עס פערגעסט זיך באלד דאָס חומר'דיגע, אלץ ווערט גלייך געקניפט און צוזאמענגעוואקסען מיט דעם פנימיות. (ב) מיט יאָהרען שפעטער איז עס אָבער געוואָרען א בלויזער צערעמאָניאל, אָהן די היילינע געפיהלען און כוונות, וואָס זעהט אין יעדען ריהר גאָטס אלמעכטיגקייט, הגם געצעהלטע יודען, צדיקים, זענען וויטער געבליבען ביי דער הויכער מדרגה, רופען, עס וועקען און וואָרענען די נביאים, די ברייטע יודישע מאסע— אָבער די לעצטע קעהרט זיך נישט צוריק צום אמת'ן יודישען וועג. (ג) דאס נאָכאהמען דאָס פרעמד - פעלקערישע לעבען, האָט געהאט איהרע פאטאלע רעזולטאטען, אבורייסענדיג די יודען פון זייער שטאם. (ה) און ווען עס האט זיך אין געוויסע צייטען יאָ דערוועקט דאָס יודישע הארץ צו גאָט' (ו) איז אָבער פון הימעל שוין געווען בעשטימט דער הורבן - אורטייל פון ירושלים און אויפ'ן ערשטען בית - המקדש. (ז) די בבלישע חיילות האָבען אָהן שום שטערונג אויסגעפירט אויף די יודען זייערע בארבאריזמען. צושטערענדיג די גייסטיגע און מאטעריעלע אוצרות. פון הימעל איז אוועקגענומען געוואָרען דאָס וואכענדע אויג איבער די יודען. (ח) די יודען פיהלען זיך געפאלענער ווי אלע פעלקער. און זייער האָפנונג איז נור, אז ווען גאָט וועט שטעלען צום משפט די פעלקער פון די וועלט, וועט זיך דאָך ארויסשטעלען, אז דאָס יודישע פאָלק'סלעבען איז אָהן א ערך הומאנער, אידעאלער, אז אין שווערסטען אונטעראָכטען גלות, האָבען זיי דעם הויכען אידעאל נישט פערלוירען, און שטענדיג גרייט געווען אויף מסירת נפש פאר דער אמונה אין איינציגען, אייביגען גאָט. (ט) אויך די פעלקער בלייבען פערוואונדערט איבער די יודישע פעסטקייט אָן זייער אמונה, און זיי ווילען זיך דערגריגטעווען צו די בינד - פעדים וואָס פעראייניגען אזוי פעסט די יודען מיט גאָט, דערויף ערקלערען די יודען: (י) פון גאָט איז סיי דאָס שלעכטע סיי דאָס גוטע, אלס צום גוטס פיהרענדען פעררעכענט, ווייל דאָס פערגענגליכע פערשוואונדט פאר דעם אייביגען. (יא) די וועלט פיהרונג איז פאר דעם מענש אונבעגרייפליך; דאָס פינקלענדסטע וואָס שימערירט ווי גינגאָלד איז פיעלמאָל אין דונקעלהייט געהילט, און שיינט ווי א טרויער צו זיין. (יב) די וועלט איז א אָבשפיגלונג פון גאָטס בליק, וואָס זוכט בארמהערציג דאָס טריי - ערפילענדע אין זיינע בעשעפענישען, (יג) און —זענען פערוואנדעלט צו דער מדרגה פון גאָט'ס דיענער, ערפילענדיג יעדער זיין פונקציע; (יד)

און כאָטש יעדע זאַך שיינט צו זיין פערפאָלקאָמט אין נאַטירליכען אויס-זעהען, (טו) קען מען אָבער מיט'ן אַריינדרינגליכען בליק דערזעהען נאָט'ס איינציגע קראַפט און השגחה פרטית, אויף יעדען בצוזונדערען פונקט.

(טז) דערפאַר, ווילען די יודען זיך נישט לאָזען פערפיהרען פונ'ם רייך פון דער נאַטור, נור זענען גרייט איבערצוטראַגען די קריטישסטע מאָ-מענטען, איבערצוּוויגדען די צייט, ביז עס וועט פאַר אַלעמען קלאָר און עפענטליך בעקאַנט ווערען, גאָטס לייטענדע האַנד, ביי יעדער מינדעסטע אויגענשיינליכער מינדערוויכטיגקייט, פיהרענדיג די וועלט און מענשען צום אייביגען גליק.

---

(זעקסטעס קאַפּיטעל):

(א). אין דער צווישען-צייט פון ערשטען און צווייטען בית המקדש, האָבען די גלות-ליידען אין בכל שנעל פעראורזאַכט אַ גייע יודישע גאולה; די יודען פאַלען נישט אַרונטער דעם פעלקערישען אַסימילאַציע-וואָרט, וועלכער פּראָפּאַגאַנדירט אַז די יודען זענען שוין אויף אייביג פערלאָרען פון זייער אייגענאַרטיגער מדרגה, אלס בעוויז דינט זיי דער פאַקט וואס כורש דער קעניג פון פרס האט מיט זיין בעפּרייאונג'ס מאַניפעסט ערלויבט די יודען צוריקצוקעהרען אין זייער היים און אויך בויען זייער היילינקייט — ווערט עס שנעל צושטערט דורך די אינטריגעס פון פרעמדע פעלקער. די לעצטע געהען אַזוי ווייט אין זייער צושטערונג'ס-אַרבייט פון דער רייגליכער יודישער היילינקייט, אַז אויך ווען ס'קומט דער מאָמענט פון בית-המקדש-אויפבוי, ווילען זיי ווערען כלומר'-שטע אנטיילנעהמער אין דער בוי-ארבייט, זיך צוזאמענגיסען מיט יודען, די לעצטע סינטעזירען מיט'ן אומות-העולם גייסט, כדי אַזוי אַרום פערווישען די גרענעץ פון יודישער זעלבסטשטענדיגקייט. (ב) די יודען אָבער בלייבען מוטיג; זעהען אינ'ם גלות, די אויסדויער-צייט, ביז וואַנען די פערגלות'טע יודען וועלען ווערען עמפּפינדליך אויפצונעהמען די בית המקדש היילינקייטען אין ירושלים. (ג) און זיי בעטאָנען דאָביי, אַז אויסשליסליך יודען, אָהן פרעמד-פעלקערישע פערמישונג זענען אויפגעהמבאַר, פאַר געטליכע היילינקייטען. (ד) און גאָט זעהט דעם יודישען פראַכט, וואס האט זיך אין גלות אויס-קריסטאַליזירט, צוריק געקומען צום זעלבען מצב, וואס אַמאָל אין די צייטען פונ'ם יודישען זעלבסטשטענדיגען מלוכה-לעבען. (ו) ער בעשטימט צו בעגרע-נעצען די אָפענבאַרקייט פון געטליכע קדושה אינ'ם צווייטען בית המקדש, וואו עס איז פאַרהאַן וועניגער כלי-שרת, ווי אינ'ם ערשטען בית המקדש. אָט דאָס ראַזיגע פעהלען, בעדאַרף די יודען דערפיהרען צו בעטראַכטונג פון זייער לאַגע, אַלס נישט דערדרייכטע צו דער העכסטער מדרגה, צו וועלכע יי מוזען בסדר שטרעבען, (ו) זיי קענען קומען צו אָט דער מדרגה, אינ'ם זכות פון די יודישע מוסטער-פערזענליכקייטען, וועלכע צייכען זיך אויס זמיט זייער פולער צדקות; (ז) זאָגאַר די נידריגערע יודישע פאָלק'ס-שיכטען זענען אָנגעפולט מיט מצות, אויב זיי געהען נור אין די אָנגעצייכענטע

איינגעשרענקטע לעבענס-וועגען. (ח) דאַן, דערגרייכט נור דאס יודישע פאָלק — פון אַלע בני-נח'שע שטאַמלינגען און אברהם-יצחק'שע פעלקער-קינדער — צו זיין: (ט) דאס פון גאט אַנערקענטע איינציגע און טרייע פאָלק, וואס עס בעשטעטיגען אויך די פעלקער, (י) זעהענדיג, דאס שטייגען פון יודישען גליק אלץ העכער און העכער, ביז צום קולמינאַציע-פונקט פון יודישען זיעג אין דער חשמונאים-תקופה, ווען די יודען זענען געווען באַזירט אויף אַ בעזיכערטע זעלבסטשטענדיגע הערשאַפט (י״א) אין יענער צייט זעהט מען אויך, גאט'ס אָפענבאַרע וואכזאמקייט איבער די יודען, ווי אויך דעם גיגאַנטישען און גייסטיגען — אויסוואוקס, פון די יודישע תורה-אויטאָריטעטען, וועלכע קלאַמערען זיך אין גאט'ס וואָרט, (י״ב) עס האבען אבער גישט אַלע יודען פערשטאַנען אָבצושאַצען די בעדייטונג פון מאָמענט, עס קומט דער ברודער-קריעג און שנאת חנם, וועלכער צורייסט דאס יודישע פאָלק אין פיינדליכע לאַגערען, בעקעמפענדיג זיך קעגענזייטיג און דערוויילט טרעט אַריין אין ירושלים די פרעמדע הערשאַפט, וואס אונטעריאָכט די יודען און דערפיהרט צום לאַנגען, ביטערען גלות, נאכ'ן חורבן פון צווייטען בית המקדש.

---

(זיבעטער קאַפיטעל):

דאָס לאַנגע און ביטערע גלות האט אבער דאך נישט פערווישט די שפורען פון יודישען פאלקס-פראַכט (א) די פעלקער רייסען זיך צום יודישען גייסט און ווילען איהם אַריינדרינגען אין די אייגענע רייהען. צו דעם צוועק פרובירען זיי ווייטער איבערצורעדען די יודען צו אַסימילאציע, צו פערלאָזען די יודישע אמונה אין גאָט, דערפאַר וועלען זיי ווערען גלייכבערעכטיגט און נאָך זיין פריוויליגירט צווישען די פעלקער. (ב) אָבער די יודען ווילען נישט פערטוישען אויף ערדישען גענוס, זייער אייביגען רוהם און שטאָלץ: דעם אויפגאַנג קיין ירושלים, (ג) דאס הויכע תורה-הויז און סנהדרין-לשכה, (ד) די יודישע מלוכה און כהונה גדולה, (ה) די רינגען-קייטען פון די תורה-מענער, (ו) די נביאה וואס הייליגט יודען מיט'ן געטליכען וואָרט, (ז) דעם דויערענדען אויסהאַלט נישט אַרנטערצופאַלען די אָבגעטער, (ט) דאָס אַלץ גיט די יודען די שטאַרקייט צו קענען זיך קלאַמערען אין גאָטס וואָרט, די יודישע פאָלקס-מנהיגים זאָרגען דערפאַר, צו האַלטען אין די אייגענע רייהען דאָס גאַנצע יודענטום, (י) צו קענען זיי דערמינטערען אין דער פיינדליכער צייט, (יא) דאָס אַלץ האַלט אונטער דאָס יודישע שטרעבען צו זיין איינינג און פערבינדען מיט גאָטס וואָרט און בעפעהל, (יב) אין אין זייער טיפסטער בעגייסטערונג איז: גאָט זאָל וואַכען איבער דער יודישער דיאַספאָראַ (גלות). (יג) זעהען חי די יודען פולען אָן די געבעט-הייזער מיט גאָט'ס וואָרט אין מויל און אין האַרץ. (יד) סיי די העכערע, סיי די נידריגערע פאָלקס-שיכטען, פעראייד'לען זיי אַטמאָספערע מיט זייער זויבערען לעבענס-

שטייגער, מיט זייער מצות-פולער טעטיגקייט—אַלץ טהוט אין זיך פעראייגהייטליכען גאָט׳ס וואָרט, בכדי צו דערגרייכען דעם ערוואַרטעטען מאָמענט פון דער יודישער גאולה.

(אכטעס קאַפּיטעל):

(א) אין פערלויף פון לאנגען ביטערען גלות, זענען פאַרהאַן מאָמענטען ווען די יודען. זעהען זיך געפאַלען און דערווייטערט פון גאָט׳ס וואָרט; דאס לעצטע איז זייער איינציגע האָפנונג, און זיי בעטען דערום ביי גאָט רחמנות און טרייסט, כאטש זיי האבען עס נישט פערדינט; זיי ווילען ווידער דערגרייכען דעם רוף פון זייגע נביאים, וואָס ווערט ווידער רופען אין די גאַסען, און מענשען וועלען זיך קלאַמערן דערין מיט גרעניצלאָזער ליעבשאַפט. (ב) אַזוי בעטענדיג, האפען די יודען צוריקצוקומען קיין ירושלים און אין בית-המקדש. (ג) געשיצט פון גאָט׳ס לענקענדע אַלמאכט, וועלכער וואָרענט די פעלקער נישט צו פערפייניגען די יודען אין גלות. (ה) די יודען הערען זייער רוהם וועגען דער אַמאָליגער יודישער גאהנטקייט צו גאָט (ו) און זייער פערלאַנג איז: ווידעראַמאָל זיך צו גאָט צו דערנעהנטערען, דאַן ווערט קומען צום אויסדרוק דעם יוד׳ס איינגעפלאַנצטע גאָטהייט׳ס-ליעבע, טראָץ די הייסערישע פערפאָלגונגען פון די פעלקער, העהרען די יודען נישט אויף צו צע-טלען זיך אונטער די שטראהלען פון גאָט׳ס הימליש-לייכטענד-יואָרט. (ז) די דאָזיגע ליעבשאָפט איז אַן׳אומלעשבאַרע, און קען נישט פערטרעטען ווערען דורך קיין שום עהנליכען ערזאַץ.

(ח) עס איז אַ גליק פאַר די יודען וואָס זיי ווערען פיעל מאָל שפּאָטיש און קליינליך טראַקטירט פון די פעלקער, ווייל שווער איז אויסצוהאַלטען די קנאה-בליקען פון די פעלקער, ווען זיי זעהען דעם יוד׳ס גייסטיגע גרויסמאַכט. (ט) דאַן מיזען די יודען זיך איינשליסען אין א געטהאָ, איזאָלירט זיין אָהן דער מינדערסטער עפענונג פאַר׳ן פרעמדען קולט וואָס וויל איהם אָבטויטען. (י) איינדי אָבגעשלאָסענע געטהאָ-מויערען, ווייסען זיי אָבער נישט קיין גרענעץ פאַר דער ענטוויקלונג פון זייער גייסטיג לעבען און זיי קריסטאַליזירען זיך ביז צו דער אצילות׳דיגסטע מדרגה, (יא) זיי פערשטעהען דאַן, צו וואָס גאָט האָט זיי געלאָזען פון ירושלים פערטריבען ווערן און אַריינפאַלען אין די הענד פון פרעמדע, אוועקנעהמענדיג פון יודען דאָס זעלבסשטענדיגע מלוכה-לעבען, בכדי זיי זאָלען אינגאַנצען בעפרייט זיין, צו קענען זיך דערהויבען מיט זייערע מעשים צו דער העכסטער מאָראַל. (יב) אָבער די יורישע בעהערשער וועלען מיזען שפעטער אָבגעבען אַ דין-וחשבון, פאַר זייער יודען-פייניגונגען, כאָטש זייער אויפווייזען, אַז דאָס פייניגונג איז געווען די יודען צום גינסטען. (יג) אויך גאָט ברוך-הוא טרייסט די יודען פאַר זייערע גלות-ליידען, אָנווייזענדיג די דערגרייכטע מדרגה אין גלות, אַז מלאכים אפילו, שטויסען זיך צו די הויכע מענער אין דער יודישער מחנה, פערנעהמען זייערס אַ וואָרט. (יד) אויב אַזוי—זאָגען די יודען—דערלייז זשע אונז שנעל, באַלד נאָך אַ מאָמענט, ווען מיר האָבען זיך אין גלות דערהויבען, ברענג אונז קיין ירושלים, דאָרט וואו מיר קענען זיך אייביג דערהאַלטען ביי אונזערע הייליגקייטען.

א (א) שִׁיר הַשִּׁירִים אֲשֶׁר לִשְׁלֹמֹה׃ (ב) יִשָּׁקֵנִי מִנְּשִׁיקוֹת פִּיהוּ
כִּי־טוֹבִים דֹּדֶיךָ מִיָּיִן׃ (ג) לְרֵיחַ שְׁמָנֶיךָ טוֹבִים שֶׁמֶן תּוּרַק שְׁמֶךָ עַל־
כֵּן עֲלָמוֹת אֲהֵבוּךָ׃ (ד) מָשְׁכֵנִי אַחֲרֶיךָ נָּרוּצָה הֱבִיאַנִי הַמֶּלֶךְ
חֲדָרָיו נָגִילָה וְנִשְׂמְחָה בָּךְ נַזְכִּירָה דֹדֶיךָ מִיַּיִן מֵישָׁרִים אֲהֵבוּךָ׃
(ה) שְׁחוֹרָה אֲנִי וְנָאוָה בְּנוֹת יְרוּשָׁלָ͏ִם כְּאָהֳלֵי קֵדָר כִּירִיעוֹת
שְׁלֹמֹה׃ (ו) אַל־תִּרְאוּנִי שֶׁאֲנִי שְׁחַרְחֹרֶת שֶׁשְּׁזָפַתְנִי הַשָּׁמֶשׁ בְּנֵי

---

(א) דאָס ליעדער־ליעד, פון שלמה׳ס פערפאַסונג:

## (די כנסת־ישראל — צו גאָט):

(ב). זאָל ער מיך קישען, מיט׳ן נאָהנטקייט פון זיין מויל 1), דען בעסער איז דיין פריינדליכקייט, ווי וויין 2).
(ג). צום גערוך, ווי פון דיינע גוטע עהלען, ציהט דיין נאָמען 3), דערפאַר — ווי די פערליעבטע יוגענד, (לויפט מען דיר נאָך).
(ד) ציה מיך 4) — מיר לויפען נאָך דיר! פיהרט מיך, קעניג, אין זיינע קאַמערען 5), וועלען מיר לוסטיג זיין, זיך פרעהען מיט דיר; 6) און דערמאָנען וועלען מיר, דיין פריינדליכקייט בעסער ווי וויין — ווי טריי מיר ליעבען דיך.

## (די כנסת ישראל — צו די פעלקער):

(ה) שוואַרץ בין איך 7), אָבער צוריק שעהן 8) — ווי די טעכטער פון ירושלים 9), די אויסגעפיצטע — אין די קדר׳ישע געצעלטען, ווי די פאָרהאַנגען פון שלמה, (אויסגעוואַשען).
(ו). קוקט נישט וואָס איך בין שוואַרצליך 10), מיך האָט נור אָבגעברענט די זון. 11) מיינע מוטער׳ס זיהן 12,) האָבען מיר געבערענט דעם צאָרן 13); זיי האָבען מיך געמאַכט פאַר אַ היטערין פון די וויינגערטנער 14), און מיין אייגענעם ווייגאָרטען 15) האָב איך נישט פערהיטען.

---

א 1) ביי מתן־תורה, האָבען יודען בעהערט גאָט׳ס וואָרט, ווי עס רעדען צווישען זיך געליעבטע. 2) אויך וויין דערהויבט דעם טעמפעראַמענט, וואָס עס רופט ארויס פרייד ביים מענטש, דאָס איז בלויז א קינסטליכע פרייד. אַנדערש אָבער איז די פרייד וואָס קומט פון אינערליכער גייסטיגער דערהויבונג — דאָס איז אַ אמת׳ע שמחה. 3) א גוטער נאָמען און גוטע עהלען איז אין העבּרעאישען פון איין שורש — שם טוב, שמן טוב — און די בעדייטונג דערפון איז, אַז באָס נאָמען הערט זיך פון ווייטענ׳ס, חאָטש מ׳קען עס נישט אָנבעהמען, פונקט ווי דער גערוך פון גוטען עהל. 4) דאָס איז אַ פערלאַנג, בעפרייט צו ווערן פון געפאַנגענשאַפט; די פאָלק׳ס נשמה — דולדעט נישט די נידריגע וועלטליכע פערבעניגענס. 5) אין די העכערע וועלטען, דאָרט פיהלט זיך די נשמה פריי און פריידיג. 6) א ריינע אמת׳ע ליבע, אהן א זייטיגען מיין. 7) פערשוואַרצט אין זינד 8) אָבגעוואַשען די זינד מיט תשובה. 9) דער נביא רופט די פעלקער אלס טעכטער פון ירושלים, די שטאָט באַך וועלכע עס יאָגען זיך אלע פעלקער. 10) דאָס איז נישט קיין געבוירענע שוואַרצקייט. 11) עס פערגעהט שפּעטער. 12) די פרעמדע־בעפעלקערונג וואָס האָט זיך אסימילירט אלס יודען 13) זיי האָבען פערפיהרט די יודען אין אַ זינדיגען לעבענס־שטייגער. 14) אלס היטערין פון מאַראַל.

אִמִּי נִחֲרוּ־בִי שָׂמֻנִי נֹטֵרָה אֶת־הַכְּרָמִים כַּרְמִי שֶׁלִּי לֹא נָטָרְתִּי
(ז) הַגִּידָה לִּי שֶׁאָהֲבָה נַפְשִׁי אֵיכָה תִרְאֶה אֵיכָה תַּרְבִּיץ בַּצָּהֳרָיִם
שַׁלָּמָה אֶהְיֶה כְּעֹטְיָה עַל עֶדְרֵי חֲבֵרֶיךָ. (ח) אִם־לֹא תֵדְעִי לָךְ
הַיָּפָה בַּנָּשִׁים צְאִי־לָךְ בְּעִקְבֵי הַצֹּאן וּרְעִי אֶת־גְּדִיֹּתַיִךְ עַל
מִשְׁכְּנוֹת הָרֹעִים. (ט) לְסֻסָתִי בְּרִכְבֵי פַרְעֹה דִּמִּיתִיךְ רַעְיָתִי. (י) נָאווּ
לְחָיַיִךְ בַּתֹּרִים צַוָּארֵךְ בַּחֲרוּזִים. (יא) תּוֹרֵי זָהָב נַעֲשֶׂה־לָּךְ עִם

---

## (די כנסת ישראל — צו גאָט)

(ז) זאָג מיר ליעבלינג פון מיין נשמה! ווי ריהרסט דו, ווי רוּהסט דו 16) — צו מיטאָג־צייט? פאַר־וואָס זאָל עס אויסזעהען, ווי איך יאָג מיך, אין די רייהען פון דיין געזעלשאַפט?

## (אַ ענטפער — דער כנסת ישראל):

(ח) אויב דו ווייסט עס נישט, ווי אַ פּראַכט־פרוי, (בּלאָנזשעסט דו), געה דיר אין די שעפּסען־טריט, און פיהר פיטערען דיינע (יוגענד־)ציקעלעך, ביי די (עלטערע) פּאַסטוכער־געצעלטען 17).
(ט) צום קראַפט פון מיין בעהצרשען פּרעה'ס 18) פערד־און־וועגען 19), האָב איך דיך אויסגעציהרט, ווי אַ פריינדין.
(י) שעהן דיינע באַקען, געבונדען מיט קייטעלעך 20) דיין האַלז — אין שנירען.
(יא) גאָלדענע קייטעלעך — פערפערטיגט פאַר דיר, מיט זילבערנע פליטער־לעך 21). אָבער — (י"ב) נאָך, ווען דער קעניג איז אין זיין בעגלייטונג 2) פיהלט זיך שוין דאָס שווערע גערוך.

---

152) די אייגענע מאָראַל פערלוירען, זיך אָבלערענדיג פון פרעמדע. 16) דער טראַגישער גורל פון יודען, וועלכע פלאָגען זיך כסדר צווישען פעלקער אָהן אַ שטיקעל מנוחה'דיג לעבען. 17) די אבות פון יודען האָבען אויסגעטרעטען אַ לעבענס־וועג צווישען פרעמדע, און די קינדער דאַרפען געהן אין די שפּוּרען פון די עלטערען. 18) ביים גרויסען נס פון קריעת ים־סוף, דאָרט האָט גאָט אַרויסגעוויזן זיין פריינדשאַפט און ליעבשאַפט צו „יודען, וועלכע האָבען געהאַט קנאַפּע זכותים, און דאָך איז פאַר זיי געשעהען אַזאַ גרויסער נס. 19) די יודען זענען אוועק פון ים־סוף מיט פיעל גאָלד און זילבער. 20) די יודען זענען אַ שעהן פאָלק, פאַסט פאַר זיי דער עול פון די תורה — אזוי האָט גאָט געזאָגט צו משה רבינו; אויף אַ שעהנעם פיגור איז דאָס שווערסטע ציהרונג קיין משא

נְקֻדּוֹת הַכָּסֶף. (יב) עַד־שֶׁהַמֶּלֶךְ בִּמְסִבּוֹ נִרְדִּי נָתַן רֵיחוֹ. (יג) צְרוֹר הַמֹּר דּוֹדִי לִי בֵּין שָׁדַי יָלִין. (יד) אֶשְׁכֹּל הַכֹּפֶר דּוֹדִי לִי בְּכַרְמֵי עֵין גֶּדִי. (טו) הִנָּךְ יָפָה רַעְיָתִי הִנָּךְ יָפָה עֵינַיִךְ יוֹנִים. (טז) הִנְּךָ יָפֶה דוֹדִי אַף נָעִים אַף־עַרְשֵׂנוּ רַעֲנָנָה. (יז) קֹרוֹת בָּתֵּינוּ אֲרָזִים רָהִיטֵנוּ בְּרוֹתִים.

---

## (טרייסט זיך די כנסת ישראל):

(י"ג) א בינטעל בשמים — אזוי פיהל איך מיין פריינד'ס נאָהנטקייט 23), וואָס רוהט שטענדיג ביי מיין ברוסט-קאַסטען.

(י"ד) א שטענגעל באַלזאַם, פון די עין=גדי'שע וויינגערטנער 24) — אַזוי פיהל איך מיין פריינד'ס נאָהנטקייט. (און ער טרייסט מיך) —

ט"ו) דו ביזט מיין פראַכט-פריינדין (25) דיינע פראַכט-מענער, 26) מיט זייערע אויגען — ווי טויבען 27). (ענטפער איך):

(טז) דאָס איז דיין פראַכט, 28) מיין פריינד! אויך — אנגענעהם, אויך — אונזערע אויסלייג-פלעצער זענען פריש, 29) (אויך) —

יז) אונזערע הייזער 30) זענען געבאַלקענט מיט צעדער'ן, אונזערע גאַלעריעס— פון ציפרעסען.

---

בישט. 21) די תורה איז ווערטפולער ווי גאָלד און זילבער. 22) נאָך איידער משה איז אראָב פון הימעל מיט די לוחות, האָבען די יודען אונטען, שוין געמאַכט דאָס עגל. 23) נאָך דער תשובה אויפן חטא פון עגל, האָט גאָט זיי געהייסען שטעלען דעם משכן, וואו גאָט'ס נאָהנטקייט האָט זיך שטענדיג געפונען, נעבען דער יודישער מחנה. 24) פונקט ווי די פרוכטען פון עין=גדי וואָס וואקסען שנעל, אזוי האָט גאָט שטענדיג שנעל און גוט אָבגעווישט די זינד פון יודען. 25 גאָט לאָזט בישט די יודען אראָב-פאַלען, און ער טרייסט זיי מיט די ליעבסטע ווערטער. 22) די צדיקים אין יעדען דור זענען טריי גאָט'ס וואָרט, פונקט ווי די טויבען זענען זיך טריי איינס דאָס צווייטע. 28) די יודען ווייסען צו דאנקען גאָט. אז זייער גאַנצע שעהנקייט, קומט נור פון זיין גוט'סקייט— גאָט פערווישט די זינד. 29) דאָס פאמיליען=לעבען ביי יודען, וואָס איז איגגאַנצען געשטעלט אויפן ריינעם תורה=געזעץ. 30) די פעסטקייט און פראַכט פון בית-המקדש — דאָס וועט זיך ערשט רעכט ארויסווייזען, אין משיח'ס צייטען.

ב (א) אֲנִי חֲבַצֶּלֶת הַשָּׁרוֹן שׁוֹשַׁנַּת הָעֲמָקִים. (ב) כְּשׁוֹשַׁנָּה בֵּין
הַחוֹחִים כֵּן רַעְיָתִי בֵּין הַבָּנוֹת. (ג) כְּתַפּוּחַ בַּעֲצֵי הַיַּעַר כֵּן דּוֹדִי בֵּין
הַבָּנִים בְּצִלּוֹ חִמַּדְתִּי וְיָשַׁבְתִּי וּפִרְיוֹ מָתוֹק לְחִכִּי. (ד) הֱבִיאַנִי אֶל־
בֵּית הַיָּיִן וְדִגְלוֹ עָלַי אַהֲבָה. (ה) סַמְּכוּנִי בָּאֲשִׁישׁוֹת רַפְּדוּנִי
בַּתַּפּוּחִים כִּי־חוֹלַת אַהֲבָה אָנִי. (ו) שְׂמֹאלוֹ תַּחַת לְרֹאשִׁי
וִימִינוֹ תְּחַבְּקֵנִי. (ז) הִשְׁבַּעְתִּי אֶתְכֶם בְּנוֹת יְרוּשָׁלִַם בִּצְבָאוֹת אוֹ
בְּאַיְלוֹת הַשָּׂדֶה אִם־תָּעִירוּ וְאִם־תְּעוֹרְרוּ אֶת־הָאַהֲבָה עַד

---

## (די כנסת ישראל — ווענען איהר בּוֹהֶב פוּלער תּקוּפה):

(א). איך בין די בלום פון שרון 1), די רויז פון טהאָל 2) — (אזוי רוהמט מיך 3) מיין פריינד, און ווייטער):

(ב). האָס די רויז איז צווישען דערנער 4), אזוי איז מיין פריינדין 5), צווישען טעכטער 6), (אָבער): —

(ג). וואָס דער עפּעלבוים איז צווישען וואַלד־בוימער 7), איז מיין פריינד צווישען זיהן 8). דערפאַר האָב איך מיך אין זיין שאָטען איינגעגלוסט, און אין זיין פרוכט, פערזיסט מיין גומען.

(ד). האָט ער מיך געפיהרט אין ויין־הויז 9), און מיך בעפּאָהנט 10) מיט זיין ליעבשאַפט.

## (די כנסת־ישראל — ווענען איהר גלות־לאגע):

(ה) קרעפטיגט מיך מיט טרויבען־זאַפט, לעהנט מיך אונטער, מיט עפּעל, דען — איך אָנטגעה, פאַר דער אַמאָליגער ליעבשאַפט 11).

(ו) דיין לינקע האַנד — אונטער מיין קאָפּ, און דיין רעכטע — גענעהמט מיך אַרום 12). (און — וואָרענט):

(ז). איך בעשווער אייך 13) (פעלקער), ירושלים'ס טעכטער! איהר זייט ווי די הירשען און ווידרעס אין פעלד, אויב איהר וועט פרובען דערווייטערען צי דערנעהנטערן 14), אונזער פריינדשאַפט, וואָס איז צוזאַמענגעוואַקסען אינים טיעפען שטרעבען.

---

ב 1) א געגענד וואָס גיט די בעסטע בלומען. 2) אין טהאָל זענען די רויזען שטענדיג פריש 3) אזוי זענען די יודען שטענדיג אויפגעפרישט מיט מצות. 4) זי בלייבט פריש אונבעריהרט, חאָטש די דערנער שטעכען. 5) יודען. 6) פעלקער. 7) לויפען אַלע צום עפּעלבוים. 8) אזוי לויפען יודען נאָך גאָטס־וואָרט, און לאָזען זיך נישט פערפיהרען צו די אָבגעטער. 9) אין אהל־מועד, (דער זאַמלונגס געצעלט) ביי משה'ן, וואו די יודען ערלערנען די תורה. 10) די יודען האָבען זיך יעדער שבט זיין פאָהן. 11) אַז מען פאַלט פון גרויס רייכטהום אין נידריגער אָרעמקייט, קען מען אויסגעהן פון קרענקונג. 12) דאָס רעדט זיך אַלץ, פון יענער צייט ווען די יודען זענען געפיהרט געוואָרען דורך גאָטס שלוחים, מיט וואָלקען און פייער־ זיילען, ווי ארומגענומען פון רעכטס און לינקס 13). דאָס דערהאַלטען זיך פון די יודען אין גלות, איז ואָך דער האַרבער שבועה וואָס גאָט האָט געוואָרענט די פרעמדע פעלקער. 14) די פעלקער דאַרפען זיך נישט אריינמישען אין

שתחפץ. (ח) קול דודי הנה־זה בא מדלג על־ההרים מקפץ
על־הגבעות. (ט) דומה דודי לצבי או לעפר האילים
הנה־זה עומד אחר כתלנו משגיח מן־החלנות מציץ מן־
החרכים. (י) ענה דודי ואמר לי קומי לך רעיתי יפתי ולכי־
לך. (יא) כי־הנה הסתו עבר הגשם חלף הלך לו.
(יב) הנצנים נראו בארץ עת הזמיר הגיע וקול התור
נשמע בארצנו. (יג) התאנה חנטה פגיה והגפנים סמדר נתנו
ריח קומי לך רעיתי יפתי ולכי־לך. (יד) יונתי בחגוי הסלע בסתר

---

## (די כנסת ישראל — וועגען גאָט׳ס דערנעהנטערונג צו איהר):

(ח). די שטים פון מיין פריינד, (הער איך) — אז ער איז אָנגעקומען 15) שפרינגעדיג—איבער בערג, היפפענדיג — איבער טהאָלען, 16).

(ט). צוגלייך ווי א יונגער הירש אָדער ווי א יונגע ווידרע, — אָט שטעהט שוין מיין פריינד נאָהנט, אונטער אונזער וואַנד, ער קוקט דורך די פענס־טער, בליקט אריין דורך די גראַטען 17).

(י). רופט מיין פריינד און זאָגט מיר 18): שטעה־אויף מיין פריינדלינג, מיין פראַכט, און לאָז דיך געהן 19).

(יא). דען, דער ווינטער 20)—איז פאַרביי די רעגען־צייט 21). — איז אַוועק

(יב). שפראָצען האָבען זיך בעוויזען 22)—איבער דער ערד, און די צייט איז געקו־מען—פאַר געזאַנג! 23), די טירקעל־טויב לאָזט הערען איהר שטימע, —איבערן לאַנד.

(יג) דער פייגענבוים האָט אויסגעצייטיגט די פרוכט 24), דער וויינשטאָק גרינט 25), און לאָזט זיין געשמאַק — שטעה זשע אויף, מיין פריינדלינג, מיין פראַכט, און לאָז זיך געהן 26).

---

ודישע געטליכע זאכען — נישט אויף בוסס, נישט אויף שלעכט. 15) אין מצרים, נאך דעם ווי די יודען האָבען זיך בעהאַלטען פאר פערפאַלענע. 16) געאיילט די גאולה נאך פאר דער בעשטימ־טער צייט. 17) דאַ רעדט זיך פונ׳ם צער פון יודישען פיין. 18) דורך משה־רבנו. 19) ארויס פון גלות. 20) די גלות־צייט וואָס איז ש ווער צו פערטרייבען ווי דער ווינטער—איז שוין פערביי. 21) די לעצטע יאהרען פון בעשווערטען גלות, האָבען זיך גערעכענט. פאר דאָפעלטע יאהרען. 22) זיי זענען ארויסגעוואַקסען, די יודישע דערלייזער— משה און אהרון. 23) די צייט וואָס יודען דאַר־פען זאָגען שירה פאר גאָט. 24) די פערדייטע צווייגען פון יודישען בוים זענען אראָפגעפאַלען — די רשעים זענען אויסגעשטאָרבען. 25) די פערבליבענע האָבען תשובה געטהון. 26) צו קבלת

הַמַּדְרֵגָה הַרְאִינִי אֶת־מַרְאַיִךְ הַשְׁמִיעִנִי אֶת־קוֹלֵךְ כִּי־קוֹלֵךְ
עָרֵב וּמַרְאֵיךְ נָאוֶה׃ (טו) אֶחֱזוּ־לָנוּ שֻׁעָלִים שֻׁעָלִים קְטַנִּים
מְחַבְּלִים כְּרָמִים וּכְרָמֵינוּ סְמָדַר׃ (טז) דּוֹדִי לִי וַאֲנִי לוֹ
הָרֹעֶה בַּשּׁוֹשַׁנִּים׃ (יז) עַד שֶׁיָּפוּחַ הַיּוֹם וְנָסוּ הַצְּלָלִים סֹב דְּמֵה
לְךָ דוֹדִי לִצְבִי אוֹ לְעֹפֶר הָאַיָּלִים עַל־הָרֵי בָתֶר׃

---

## (ביים ים סוף — דאָרט הערט די כנסת ישראל) :

(יד) מיין טויב (געפאַנגען) אין די פעלזען־שפאַלטען 27, אין א פערבאָרגע־נער שטאַפלונג, בעווייז דיין אויסזעהען 28), און לאָז הערען דיין שטים, 28) דען דיין שטים איז אַנגענעהם. און דיין אויסזעהען איז הערליך: (דאָס האַרצ רייסענדע געבעט פון יודען צו גאָט, האָט ערשט געבערענגט די הילף, און עס ווערען דערטרונקען אַלע מצריים, פון גרויס ביז קליין, אויך.)—

(ט״ו) די כאַפּענדיגע פיקסלעך, די קליינע פיקסלעך 28), פערדאַרבער 16) פון די וויינגערטענער און די אייגענע ווייגערטענער זענען נאָך דאַן די יונג און גרין. (דאָך זענען מיר געבליבען אויף אייביג אין גאָטס נאָהנטקייט) :

(ט״ז) מיין פריינד 30) צו מיר, און איך—צו מיין פריינד, 31) ער פיטערט מיך אויף רויזען. 32)

(י״ז) ביז עס האָט זיך אָפּגעקיהלט דער טאָג, 33) און עס האָבען זיך פונאַנדער־געשפרייט די שאָטענס — מיין פריינד 34) איז אַוועק פלינק, גלייך ווי אַ הירש אָדער אַ יונגע ווילדע — איבער די שפאַלטענדיגע בערג.

---

תורה. 27) אין אזא לאַגע האָבען די יודען זיך געפונען, ווען פרעה האָט זיי דערגרייכט ביים ים-סוף -- ארומגענומען מיט פיינד אין אלע זייטען, פונקט ווי אַ טויב וואָס בעהאלט זיך פאַר אָדלער אין די שפּאַלטען פון אַ פעלז, וואו עס גראָבט אונטער איהר אַ שלאַנג. 28) פון הימעל וויל מען זעה־ען, צו ווענדען די יודען זיך אין אַפּיינליכע צייט--גאָט האָט געוואַרט אויף דער תפלה פון יודען. 29) דאָס זענען די קליינע מצרישע קינדער, וואָס זענען מיטגענומען געוואָרען אין די יודישע הייזער. זיי זאָלען מיטהעלפען אויפזוכען יודישע קינדער, וועלכע ווערען געוואָרפען אין וואסער — דערפאַר ווערען זיי שפּעטער דערטרונקען אין ים, צוגלייך מיט די גרויסע מצרים. 30) גאָט האָט געשטעלט צו זיין דינסט, דאָס יודישע פאָלק. 31) און יודען האלטען בלויז דעם איינציגען גאָט. 31) אין די גליקליכע יאָהרען לעבען זיי גוט, 33) עס איז געקומען דער שווערער אורטייל צוליעב די יודען פון עגל אין פון די מרגלים 33) די זכותים וואָס האָבען ביז דאַן געשיצט די יודען 34.) דאָס יודישע ציהרונג, וואָס האָט דעם פאָלק בעקליידעט ביי קבלת־התורה, ווערט אַבגענומען.

ג (א) עַל־מִשְׁכָּבִי בַּלֵּילוֹת בִּקַּשְׁתִּי אֵת שֶׁאָהֲבָה נַפְשִׁי בִּקַּשְׁתִּיו
וְלֹא מְצָאתִיו. (ב) אָקוּמָה נָּא וַאֲסוֹבְבָה בָעִיר בַּשְּׁוָקִים
וּבָרְחֹבוֹת אֲבַקְשָׁה אֵת שֶׁאָהֲבָה נַפְשִׁי בִּקַּשְׁתִּיו וְלֹא מְצָאתִיו.
(ג) מְצָאוּנִי הַשֹּׁמְרִים הַסֹּבְבִים בָּעִיר אֵת שֶׁאָהֲבָה נַפְשִׁי רְאִיתֶם.
(ד) כִּמְעַט שֶׁעָבַרְתִּי מֵהֶם עַד שֶׁמָּצָאתִי אֵת שֶׁאָהֲבָה נַפְשִׁי אֲחַזְתִּיו
וְלֹא אַרְפֶּנּוּ עַד־שֶׁהֲבֵיאתִיו אֶל־בֵּית אִמִּי וְאֶל־חֶדֶר הוֹרָתִי
(ה) הִשְׁבַּעְתִּי אֶתְכֶם בְּנוֹת יְרוּשָׁלִַם בִּצְבָאוֹת אוֹ בְּאַיְלוֹת
הַשָּׂדֶה אִם־תָּעִירוּ וְאִם־תְּעוֹרְרוּ אֶת־הָאַהֲבָה עַד שֶׁתֶּחְפָּץ

---

## (די כנסת־ישראל — וועגען די מדבר־יאָהרען):

(א). אויף מיין געלעגער 1), אין די נעכט 2), זוך איך דעם, וועמען מיין נשמה ליעבט 3) — זוך איך, און געפון איהם נישט. 4)

(ב). טהו איך אויפשטיין, ווי אַ וואַנדערער אין שטאָדט, אין מערק און אי גאַסען, — זוך איך דעם 5), וועמען מיין נשמה ליעבט, — זוך איך, און גע פון איהם נישט.

(ג). באַגעגענען מיך די היטער 6) — זיי קרייזלען אין שטאָדט: האָט איהר פי ייכט געזעהען דעם, 7) וועמען עס ליעבט מיין נשמה!

(ד) קוים אַוועק פון זיי 8), — טרעף איך איהם.9) דעם וואָס ליעבט מיין נשמה. האָב איך מיך אין איהם אַנגעהאַלטען — נישט צום אָבלאָזען ביז—איך פיהר מיך מיט איהם אין מיין מוטער־הויז 10), און אין מיין על־טערען־צימער.

## (די כנסת־ישראל — צו די פעלקער):

(ה). (געדענקט די שבועה פון גאָט): איך בעשווער אייך. 11) ירושלים'ס טעכטער, 12) איהר זייט 12), ווי די הירשען און ווידרעס אין פעלד, אויב איהר וועט פרובען, דערווייטערען אָדער דערנעהנטער'ען, 13) — די פריינד־שאַפט, (וואָס איז צוזאַמענגעוואַקסען), אינם טיעפען שטרעבען,

---

ג. 1) די 38 יאָהר, ווען די יודישע מחנה האָט בערוהט אין דער מדבר, און זענען געווען ווי אין א בּרוגזדיגע לאַגע מיט גאָט, נאָך די שווערע זינד פון די מרגלים. 2) דאַן איז פאַר די יודען געווען א פינסטערע צייט — ווי די נאכט. 3) זיי האָבען געזוכט און גע־בענקט נאָך די געטליכע אָפּענבעראַט־בעגלייטונג. 4) גאָט שיקט בלויז א מלאך צו באַגלייטען די יו־דישע מחנה. 5) משה־רבנו האָט געבעטען, און נישט אויס־געבעטען צוריקצושטעלען די פריהערדיגע לאַגע. 6) משה און אהרן. 7) די גאַנצע צייט אין דער מדבר, פערנעהמען יודען גאָטס וואָרט, דורך דער פערמיטלונג פון משה־רבינו. 8) פאַר זייער פטירה, צום סוף פון די 40־ מדבר־יאָהרען. 9) אין די צייטען פון יהושע־בן־נון, ווען גאָטס עפענטליכע נביאה צו יודען, באַוואוּנדערט ווידער אַלעמען. 10) אין משכּן־שילה. 11) (אין קאַפּיטעל 2) — דאָס האָט גאָט בעשוואָירען די פעל־קער, — נישט צו בעצוואַנגען די יודען אין גלות. 12) פעלקער—ווי אויבען. 13) הפקר ווי די פעלד־חיות. 14) דעם צוזאַמענבונד פון יודען מיט גאָט. 15) דאָס פרעגען די

(ו) מִי זֹאת עֹלָה מִן־הַמִּדְבָּר כְּתִימֲרוֹת עָשָׁן מְקֻטֶּרֶת מוֹר וּלְבוֹנָה מִכֹּל אַבְקַת רוֹכֵל. (ז) הִנֵּה מִטָּתוֹ שֶׁלִּשְׁלֹמֹה שִׁשִּׁים גִּבֹּרִים סָבִיב לָהּ מִגִּבֹּרֵי יִשְׂרָאֵל. (ח) כֻּלָּם אֲחֻזֵי חֶרֶב מְלֻמְּדֵי מִלְחָמָה אִישׁ חַרְבּוֹ עַל־יְרֵכוֹ מִפַּחַד בַּלֵּילוֹת. (ט) אַפִּרְיוֹן עָשָׂה לוֹ הַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה מֵעֲצֵי הַלְּבָנוֹן. (י) עַמּוּדָיו עָשָׂה כֶסֶף רְפִידָתוֹ זָהָב מֶרְכָּבוֹ אַרְגָּמָן תּוֹכוֹ רָצוּף אַהֲבָה מִבְּנוֹת יְרוּשָׁלִָם. (יא) צְאֶינָה וּרְאֶינָה בְּנוֹת צִיּוֹן בַּמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה בָּעֲטָרָה שֶׁעִטְּרָה־לּוֹ אִמּוֹ בְּיוֹם חֲתֻנָּתוֹ וּבְיוֹם שִׂמְחַת לִבּוֹ

(ו) ווער שטייגט עס 15), פון דער וויסטעניש, אין רויכיגע זיילען, געדאַמפט — מיטן געשמאַק פון מור און לבונה, 16) בעסער פון אַלע געווירצען, וואָס פאַר אַ בשמים־הענדלער.

(ז). אָט איז שלמה'ס בעט 17) זעכציג העלדען — ארום, 18) פון די שטאַרקסטע 19) אין ישראל.

ח). אַלע זענען שווערע־בעוואָפענטע, קריעגס־געלערענטע 20), יעדער — די שווערד ביי זיינע לענדען, פאַר די שרעק פון נעכט. 21)

(ט). און אַ טראָג־שטוהל 22) האָט דער קעניג שלמה זיך געמאַכט — פון צעדער־האָלץ. 23)

(י). זיינע זיילען 24) — געמאַכט פון זילבער, די אָנלעהן — גאָלד, דער זיץ — פון פורפור, 25) אינווענינ 26) — געפלאַסטערט 27) מיט אַ ליבליכע זאָרגזאַמקייט, — זאָגען די יודען וואָס צייכענען זיך אויס פון אַלע פעלקער, — ירושלים'ס טעכטער! 28)

(יא) קומט און זעהט, ציון'ס 29) טעכטער, דעם קעניג שלמה, 30) און דעם קרוין וואָס זיין מוטער האָט איהם געקרוינט, 31) צום טאָג פון זיין חתונה, 32) צום טאָג פון זיין הערציגער פרייד 33)

פעלקער — זעהענדיג די יודישע מחנה אין דער מדרגה ארומבעריגגלט מיט די וואָלקענס און פייער־זיילען, און די גאַנצע מחנה זעהט זיך בלויז ווי אַ שטיק רויך 16). דאָס זענען מינים פון בשמים. 17) שלמה המלך האָט אויסגעבויט דעם בית־המקדש, מיטן פראַכט, ווי אַ קעניגליכען פאַלאַץ 18). כהונה־וואַכען, לוים און ישראלים - פאָרשטעהער 19) די גרעסטע צדיקים. 20) בעהאַוועגט אין אַלע מיטלען זיך צו פערטיידיגען. פון די וועלט־פערברעכער. 21). פיללייכט פערגעסען זיי זיך, און פאַלען אין פינסטערניש. 22). דאָס קדשי־קדשים. 23). פון בעסטען מין, 24.) אויפצוהענגען דעם פרוכת. 25). דעם פאָרהאַנג צווישען קדשי־קדשים און היכל. 26). אין בית־המקדש. 27). די כלים אין בית המקדש. דער אָרון, כפרת, כרובים, און די לוחות. 28). די פעלקער — ווי אויבען. 29). אין העברעאישען טעקסט „בנות ציון" — שטאַמט. פון דער בעדייטונג „אויסצייכנונג", די יודישע קינדער וואָס צייכנען זיך אויס מיט זייער אויפפיהרונג. 30). סימבאַליזירט די אויבערשטע הימלישע קעניגליכע הערשאַפט, 31). דאָס פראַכט־סינע־הייליגטום פון משכן און בית המקדש. 32). דער טאָג פון מתן־תורה, האָט פעראייניגט אין אַ פעסטען פערבאַנד די יודען מיט גאָט. דאַן האָבען די יודען געקריינט גאָט אַלס זייער קעניג. 33). ווען דאָס משכן און בית־המקדש איז פערענדיגט געוואָרען.

ד (א) הִנָּךְ יָפָה רַעְיָתִי הִנָּךְ יָפָה עֵינַיִךְ יוֹנִים מִבַּעַד לְצַמָּתֵךְ
שַׂעְרֵךְ כְּעֵדֶר הָעִזִּים שֶׁגָּלְשׁוּ מֵהַר גִּלְעָד. (ב) שִׁנַּיִךְ כְּעֵדֶר הַקְּצוּבוֹת
שֶׁעָלוּ מִן־הָרַחְצָה שֶׁכֻּלָּם מַתְאִימוֹת וְשַׁכֻּלָה אֵין בָּהֶם.
(ג) כְּחוּט הַשָּׁנִי שִׂפְתוֹתַיִךְ וּמִדְבָּרֵךְ נָאוֶה כְּפֶלַח הָרִמּוֹן רַקָּתֵךְ
מִבַּעַד לְצַמָּתֵךְ. (ד) כְּמִגְדַּל דָּוִיד צַוָּארֵךְ בָּנוּי לְתַלְפִּיּוֹת אֶלֶף
הַמָּגֵן תָּלוּי עָלָיו כֹּל שִׁלְטֵי הַגִּבּוֹרִים. (ה) שְׁנֵי שָׁדַיִךְ כִּשְׁנֵי עֳפָרִים
תְּאוֹמֵי צְבִיָּה הָרוֹעִים בַּשּׁוֹשַׁנִּים. (ו) עַד שֶׁיָּפוּחַ הַיּוֹם וְנָסוּ
הַצְּלָלִים אֵלֶךְ לִי אֶל־הַר הַמּוֹר וְאֶל־גִּבְעַת הַלְּבוֹנָה.

---

## (הערט די כנסת ישראל איהר לויב);

(א), דו ביזט שעהן 1) — מיין פריינדלינג! ביזט שעהן, און דיינע אויגען — טויבען-טריי 2) אינטער'ן צוים-באנד — זעגען דיינע האָר, 3) ווי ציגען-רייהען, 4) אויסגעטרעטענע — פונם גלעד־בארג; 5)

ב). דיינע ציינער 6) — אין אָבגעפּאסטע רייהען, 7) גלייך פון דער וואש ארויס, 8) אלע שטימען, קיין איין פעהלערהאפטע נישטאָ;

(ג). דיינע ליפּען — ווי דער פּורפּור-פאָדעם 9), דיין רעדענס-ארט — אָנגענעהם; פול ווי א מילגרוים 10) — איז אויך דיין אויסהוילונג — אונטערן צוים-באנד; 11)

(ד), דיין האלז 12) — ווי דוד'ס טהורם, שטאָלץ אויסגעבויט 13) מיט טויזענדער שוץ-בויגענס בעהאָנגען, מיט'ן גאַנצען העלדען-וואפען; 14)

(ה) דיינע צווי פפלעגערינ'ס 15) — צווייער עהר'דיג, ווי אהירשען-צווילינג, 16) געפּיטערט אויף רויזען.

(ו). ביזן — אויסגעקיהלטען טאָג, 17) עס צו-געהען זיך די שאָטענס — געה איך מיר צום מור-בארג, 18) און צום טאָהל פון לבונה. (ז'אָרט ווידער) —

---

1) מיט דיין גרייטקייט צו ברענגען די גרעסטע קרבנות. 2) ווי א טויב וואס ביט אפילו קיין צאפּל נישט ביי דער שחיטה, 3) דער אויסשפּיי פון פאלק'ס-ארגאניזם, ווי די האָר אויפ'ן קערפּער. 4) אויסגעצייכענטע יעדע בעזונדער. 5) דאָרט וואו לבן-הארמי שליסט א טרייהייט'ס-בונד מיט יעקב אבינו — זאהזענדיג די גליקליכע צוקונפט פון יודען. 6) די יודישע העלדען ביים פערניכטען די פיינד. 7) שטעהען אלע גלייך אינטערן תורה-דיסציפּלין. 8) איג'ם קאמף אהן אשום רויבער-סהאט. 9) די יודישע אפילות' וואס ווירקען, צום פערהויסען דעם בלאָהען פּורפּור-סאָדים—אין יום כיפור. 10) אויך יודישע פּושעים, האָבען אין זיך א פולקייט פון מצוות— ווי דער מילגרוים מיט קערענדליך. 11) די תורה-צוים. 12.) דער סנהדרין-פּאלאץ ביי בית-המקדש 13.) אלץ ציהט צו אט דעם פּראכט-בנין, 14.) צו פערטיידיגען די פאלקס-קראפט מיט דער היליף פוג'ם תורה-וואָרט. 15.) משה און אהרון. 16.) געפּאָרט ווי א צווילינג. 17.) די זינד וואס האָבען געברענגט צום חורבן פון משכן אין שילה. 18.) צום בנין בית-המקדש אויפ'ן

(ז) כֻּלָּךְ יָפָה רַעְיָתִי וּמוּם אֵין בָּךְ. (ח) אִתִּי מִלְּבָנוֹן כַּלָּה אִתִּי
מִלְּבָנוֹן תָּבוֹאִי תָּשׁוּרִי מֵרֹאשׁ אֲמָנָה מֵרֹאשׁ שְׂנִיר וְחֶרְמוֹן מִמְּעֹנוֹת
אֲרָיוֹת מֵהַרְרֵי נְמֵרִים. (ט) לִבַּבְתִּנִי אֲחֹתִי כַלָּה לִבַּבְתִּנִי בְּאַחַת
מֵעֵינַיִךְ בְּאַחַד עֲנָק מִצַּוְּרֹנָיִךְ. (י) מַה־יָּפוּ דֹדַיִךְ אֲחֹתִי כַלָּה מַה־
טֹּבוּ דֹדַיִךְ מִיַּיִן וְרֵיחַ שְׁמָנַיִךְ מִכָּל־בְּשָׂמִים. (יא) נֹפֶת תִּטֹּפְנָה
שִׂפְתוֹתַיִךְ כַּלָּה דְּבַשׁ וְחָלָב תַּחַת לְשׁוֹנֵךְ וְרֵיחַ שַׂלְמֹתַיִךְ כְּרֵיחַ
לְבָנוֹן. (יב) גַּן נָעוּל אֲחֹתִי כַלָּה גַּל נָעוּל מַעְיָן חָתוּם.
(יג) שְׁלָחַיִךְ פַּרְדֵּס רִמּוֹנִים עִם פְּרִי מְגָדִים כְּפָרִים עִם־נְרָדִים.

---

(ז). אינגאַנצען אויסגעפיינט, מיין פריינדלינג! אָהן דעם מינדיסטען פעהלער. 19)

(ח) מיט מיר — בעשערטע! פון לבנון, 20) מיט מיר 21) — קומסטו פון לבנון; דאָרט וועסטו דערזעהן די שפיצען פון דיין פערטרויען, 22) די שפיצען וואָס דערגרייכען דעם שניר-חרמון בארג. 23) און די לייבען-היימען, 24) לעמפערטען-געבירג.

(ט). האָסט מיך בעהאַרצ'ט (מיט דיין טיעפער חכמה), ווי אַ שוועסטער 25) אַ באַשערטען האָסטו מיך בע'הארצט—מיט איין „זעהער" דייגעם, 26) מיט איין האַלזרינג 27) דיינעם.

(י). ווי שעהן זיי זענען — די פלעצער פון דיין שוועסטערליך-בעשערטער-פריינדשאַפט, 28) בעסער פון וויין און שמאַקהאַפטער פון אַלע געווירצען, 29) פיהלט זיך די עהל-פליסענדע פריינדליכקייט.

(י"א). זיסקייט — טריפען דיינע ליפען, 30) בעשערטע! האָניג אין מילך — אונטער דיין צינג; דער גערוך פון דיינע קליידער 31) — ווי דער גערוך פון לבנון.

(י"ב) אַ גאָרטען אַ פערשלאָסענער, 32) שוועסטערליך-בעשערטע! אַ קוואַל אַ פערשלאָסענער, א ברונעם אַ פערזיגעלטער.

(י"ג). דיין פערנעהם —אַ גאָרטען מילגרוימען מיט זיסע פרוכט—באַלזאַם און-נאָרד געשמאַק.

---

בארג מוריה. 19.) די פריהערדיגע זינד, זענען אינגאַנצען פערגאַנגען. 20.) בית־המקדש. 21.) די שכינה רוהט איבע"אל צוזאמען מיט יודען. 22.) דאס יודישע פערטרויען (אמונה) אין גאָט לאָזט זיך בעמערקען אין גלות. 23.) גאכהער, זעהט מען דאס גרויסע וואונדער ביים אויפזאמלען דאס צושפרייטע יודען־פאָלק, פון אַלע וועלט־עקען, צוריק קיין ארץ־ישראל. 24.) די פערפאָלגטע אין גלות. 25.) די חכמה וואָס ווערט אָנגעפלאָסען אינ'ם מענש נאָהענט ווי אשוועסטער, 26) אברהם־אבינו דער ערשטער פון די אבות און אויסזעהער פון יודישען פאָלק. 27.) משה רבינו, וואס זיין ווארט האַלט ארום די גאנצע יודישע מחנה. 28.) די פלעצער פון יודישע הייליגקייטען — אין גלגל' נובא, און גבעון א. א. 29.) גאָט'ס נאָמען לאָזט זיך ווייט פיהלען און הערען. 30.) ביים לערנען תורה, פיהלט מען א טעם אין די ווערטער. 31.) ווי ארומגענומען מיט קליידער' איז דער יוד מיט מצות. 32.) דאס צניעות'דיגע יודישע פאמיליען־לעבען. 33.) אלע

(יד) נֵרְדְּ וְכַרְכֹּם קָנֶה וְקִנָּמוֹן עִם כָּל־עֲצֵי לְבוֹנָה מֹר וַאֲהָלוֹת
עִם כָּל־רָאשֵׁי בְשָׂמִים. (טו) מַעְיַן גַּנִּים בְּאֵר מַיִם חַיִּים
וְנֹזְלִים מִן־לְבָנוֹן. (טז) עוּרִי צָפוֹן וּבוֹאִי תֵימָן הָפִיחִי גַנִּי יִזְּלוּ
בְשָׂמָיו יָבֹא דוֹדִי לְגַנּוֹ וְיֹאכַל פְּרִי מְגָדָיו.

ה. (א) בָּאתִי לְגַנִּי אֲחֹתִי כַלָּה אָרִיתִי מוֹרִי עִם־בְּשָׂמִי אָכַלְתִּי
יַעְרִי עִם־דִּבְשִׁי שָׁתִיתִי יֵינִי עִם־חֲלָבִי אִכְלוּ רֵעִים שְׁתוּ וְשִׁכְרוּ
דּוֹדִים. (ב) אֲנִי יְשֵׁנָה וְלִבִּי עֵר קוֹל דּוֹדִי דוֹפֵק פִּתְחִי־לִי
אֲחֹתִי רַעְיָתִי יוֹנָתִי תַמָּתִי שֶׁרֹּאשִׁי נִמְלָא־טָל קְוֻצּוֹתַי רְסִיסֵי לָיְלָה.

---

(י"ד). נאָרד, קראָקום און ציגאַמאָן 34 — מיט אַלע ווײַ־רויך־העלצער, מירטען און אַלאָע, מיט אַלע פײַנסטע געווירצען. 35

(ט"ו) אַ גאָרטען אַ קוואַל, אַ קוועלעדיגע וואַסער־ברונעם וואָס פליסט פון לבנון. 36

## (רופט די כנסת ישראל — נאָכ'ן הערען אַזא ליב):

(ט"ז). דערוועק זשע דיך פון צפון, און קום פון דרום, 37 דערמינטערען מיין גאָרטען 38 — זאָלען פליסען די געווירצען, זאָל מיין פריינד קומען אין מיין גאָרטען, 39 און געניסען די זיסע פרוכט.

## די כנסת ישראל — ווענען די צייט פון ערשטען בית־המקדש):

(א). אָנגעקומען אין מיין גאָרטען 1) (היימיש) ווי אַ שוועסטער אַ בעשערטע, אויך קלויבען דעם בשמים־געשמאַק 2) — האָניג־מילך, 3) פערטרונקען מיט וויין. 4) (אויך די כהנים ווערען גערופען): עסט פריינד! 5) טרונקט און בערוישט אייך — פון פריינדשאַפט.

(ב). בין איך אָבער פערשלאָפען 6), האָטש מיין הארץ איז געבליבען וואַך; 7) מיין פריינד'ס שטים, וועקט: 8) עפען מיר! — (היימליך) ווי אַ שוועסטער אַ פריינדלינג, מיין גאַנץ־געטרייע טויב! דען — מיין קאָפּ איז מיט טוי פערפולט 9). די לאָקען פייכט 10 — פון די נאַכט טראָפּענס; 11) (און איך האָב מיך שלעכט אָנגערופען):

---

דיינע פראַכט־קינדער, זענען אין דיר בעראָטען. 34.) פערשידענע מינים געווירצען. 35.) ווי דאָס בעסטע געשמאַקגעהט ווייט דער גוטער נאָמען פון יודען. 36.) פון אַ גוטען שטאַם, קומען גוטע פרוכטען. 37.) זאָל באַם מיט רחמנות, אויפזאַמלען די פערטריבענע יודען, אין אַלע וועלט־טיילען 38. און דערפרישען די פאָלקס־קראַפט. 39.) ווען די שכינה רוהט אין בית־המקדש, איז עס אויך דער זאַמעל־פונקט פון דער גאַנצער יודישער איניגקייט

ה. 1) בית־המקדש. 2) פון קטורת. 3) אזוי האָט מיר געשמעקט דער טעם פון קרבנות 4) נסכים — וואָס מען גיסט וויין אויפן מזבח. 5) דעם טייל פון קרבנות וואָס איז בעשטימט פאַר די כהנים, און אייגענטימער פון'ס קרבן. 6) פון ווההיגקייט, האָב איך זיך פערגעסען אין מיינע פליכטען. 7) גאָט'ס אויפזיכט איבער מיר, 8) גאָט'ס רוף דורך די נביאים. 9) ברענגט נישט

(ג) פָּשַׁטְתִּי אֶת־כֻּתָּנְתִּי אֵיכָכָה אֶלְבָּשֶׁנָּה רָחַצְתִּי אֶת־רַגְלַי אֵיכָכָה
אֲטַנְּפֵם. (ד) דּוֹדִי שָׁלַח יָדוֹ מִן־הַחוֹר וּמֵעַי הָמוּ עָלָיו. (ה) קַמְתִּי
אֲנִי לִפְתֹּחַ לְדוֹדִי וְיָדַי נָטְפוּ־מוֹר וְאֶצְבְּעֹתַי מוֹר עֹבֵר עַל כַּפּוֹת
הַמַּנְעוּל. (ו) פָּתַחְתִּי אֲנִי לְדוֹדִי וְדוֹדִי חָמַק עָבָר נַפְשִׁי יָצְאָה
בְדַבְּרוֹ בִּקַּשְׁתִּיהוּ וְלֹא מְצָאתִיהוּ קְרָאתִיו וְלֹא עָנָנִי. (ז) מְצָאֻנִי
הַשֹּׁמְרִים הַסֹּבְבִים בָּעִיר הִכּוּנִי פְצָעוּנִי נָשְׂאוּ אֶת־רְדִידִי מֵעָלַי
שֹׁמְרֵי הַחֹמוֹת. (ח) הִשְׁבַּעְתִּי אֶתְכֶם בְּנוֹת יְרוּשָׁלִָם אִם־תִּמְצְאוּ

---

ג) כ׳האָב שוין איבערגעטהון מיין געוואַנד, 12) ווי בעקליידעט מען זיך 13) צוריק; געוואַשען די פוס 14) ווי — זיי צוריק בעשמוצען ? 15.

(ד) מיין פריינד אָבער, גרייכט מיר זיין האַנד—דורך אַ קראַטען־עפענונג 16. אזוי אַז מיין אינגעווייד רייסט זיך רוישיג צו איהם. 17)

(ה). שטעה איך אויף, עפענען, מיין פריינד — די הענד און פינגער טריפען מיט „מור״ — אַגעשמאַק, וואָס זעצט דורך דעם ריגעל־שלאָס 18)

(ו) ס׳עפענט זיך, (מיין הארץ) — פאַר מיין פריינד, ער איז אָבער שוין אַוועק און פערשוואונדען; מיין נשמה אַנטגעהט, נאָך זיין וואָרט — איך זוך און געפון איהם נישט, איך רוף און ער ענטפערט נישט. 19)

(ה). ס׳טרעפען מיך די וועכטער, — זיי קרייזלען אין שטאָדט, 19) שלאָגען און בייזלען מיך; נעהמען צו מיין ציהרונג — אויך די היטער פון מיינע מויערען. 20) (און כ׳בעט מיך ביי די פעלקער):

(ח). כ׳בעשווער אייך, ירושלים׳ס טעכטער 21) ! אויב איהר וועט בעגעגענען מיין פריינד, 22) וואָס איהר וועט איהם זאָגען, (דערצעהלט איהם חאָטש) מיין פערקרענקטע ליידענשאַפט. 23) (פרעגען מיך די פעלקער):

---

יודען דערצו, אַז מיין שכינה זאָל אייך פערלאָזען. 10) באַט איז שטענדיג גרייט צו געדענקען יודען די גוטע מעשים פון אברהם אבינו, וואָס האָבען דערגרייכט ביז צו דער העכסטער מדריגה צום כסא־הכבוד. 11) פון דער צווייטער זייט—איז גרייט פאַר יודען, אַ גאַנצער באַרג שטראָפען אויב זיי וועלען זיך האַלטען אינ׳ם שלעכטען לעבענס־אַרט. 12) אראבגענומען דעם יודישען אויס־זעהען און ארויפגענומען אַ פרעמדען לעבענ׳ס־אַרט. 13) שווער זיך צוריק איינשפאַנען אינ׳ם יודישען עול. 14) זיך צוגעפוצט צו נישט יודישען. 15) דאָס יודישע זיך פער׳מיאוסט 14) די ביאים האָט וועקען כסדר. 17) אין די צייטען פון קעניג חזקיהו ווען די יודען האָבען זיך דער־עהנט׳ערט צו גאָט. 18) אין יענעם דור, האָט דאָס תורה־לעבען ביי יודען דערגרייכט צו אַ זעהר הויכע מדריגה. 19) פון הימעל האָט מען נישט צוריקגעצויגען דעם פריהערדיגען שווערען אור־טייל. 19) נבוכדנצאר מיט זיינע חיילות וואָס זענען געקומען חרוב מאכען ירושלים. 20) אויך די מלאכים־היטער פון בית־המקדש, זענען אַוועק און אַלין איבערגעלאָזט דעם פיינד. 21) ווי אויבען—דער סימבאָל פון די פעלקער. 22) ווען ער וועט אייך שטעלען צום פערהער ביים משפט׳ן אַלע פעלקער. 23) וואָס איהר האָט געזעהען יודישע מסירות־נפש פאַר גאָט: אַ שטייגער — ביי

אֶת־דּוֹדִי מַה־תַּגִּידוּ לוֹ שֶׁחוֹלַת אַהֲבָה אָנִי. (ט) מַה־דּוֹדֵךְ
מִדּוֹד הַיָּפָה בַּנָּשִׁים מַה־דּוֹדֵךְ מִדּוֹד שֶׁכָּכָה הִשְׁבַּעְתָּנוּ׃
(י) דּוֹדִי צַח וְאָדוֹם דָּגוּל מֵרְבָבָה. (יא) רֹאשׁוֹ כֶּתֶם פָּז קְוֻצּוֹתָיו
תַּלְתַּלִּים שְׁחֹרוֹת כָּעוֹרֵב. (יב) עֵינָיו כְּיוֹנִים עַל־אֲפִיקֵי מָיִם
רֹחֲצוֹת בֶּחָלָב יֹשְׁבוֹת עַל־מִלֵּאת. (יג) לְחָיָו כַּעֲרוּגַת הַבֹּשֶׂם
מִגְדְּלוֹת מֶרְקָחִים שִׂפְתוֹתָיו שׁוֹשַׁנִּים נֹטְפוֹת מוֹר עֹבֵר. (יד) יָדָיו
גְּלִילֵי זָהָב מְמֻלָּאִים בַּתַּרְשִׁישׁ מֵעָיו עֶשֶׁת שֵׁן מְעֻלֶּפֶת סַפִּירִים.
(טו) שׁוֹקָיו עַמּוּדֵי שֵׁשׁ מְיֻסָּדִים עַל־אַדְנֵי־פָז מַרְאֵהוּ כַּלְּבָנוֹן בָּחוּר

---

(ט). וואָס ביזטו טאַקי אַזוי אָנגעפּלאָסטן אין דיין פריינד 24), מעהר ווי אין אַלע פריינד? 25) (וואָס האָסטו זיך אין איהם איינגעליעבט), ווי אַ פּראַכט פרוי? וואָסער אויסנאַהם איז דיין פריינד צווישען פריינד, וואָס דו בעשווערסט אונז אַזוי? (ענטפער איך):

(י). מיין פריינד בלייבט לויטער, 26) — אין רויטלען זיך,27) — פלאַטערנ־דיג, בעפאָנט איבער אונצעהליגע טויזענדער;28)

(י״א). מיט׳ן קאָפּ—ווי אַ גינגאָלדענע קרוין, 29 מיט אַ זיגזאַגליכער קרייזלונג, 30 מיט אַ שוואַרצלינג אַ ראָבישע; 31

(י״ב). מיט אויגען-בליקען 32) — ווי טויבען 33), ביי די וואַסער־פאַלען, באָדען זיך אין מילך-ווייסקייט, 34) איינגעפאַסט מיט פערפולונג.

(י״ג). מיט פערל-לויטער׳דיגע באַקען35) — ווי בשמים בויטען, בעוואַקסען מיט געווירצען; אַ רויזען-געשמאַק טריפט פון די ליפּען — ס׳פערכאַפּט די פערבייגעהער;36)

(י״ד). (די וועלט ווערט פון איהם געפיהרט) — הענד ווי גאָלדענע וואַל־צען, אויסגעפיהלט מיט שמאַראַגדען; אַ פיגור —פיינער עלפאַנד־ביין, אויס־געזעצט מיט סאַפּירען; 37)

(ט״ו). (בעפעסטיגט ווי מיט), פוסגליעד 38 — מאַרמאָר־זייליגע, פונדאַמענ־טירט און בעשווערט — אויף גינגאָלד, מיט׳ן אָבגלאַנץ פון לבנון, דער אויס־גאַהם צווישען צעדערן;

---

חנינה מיכאל, און עזריה; ביי דניאל׳ן; ביי מרדפי הצדיק אין זיין דור א. ד. ג. 24) אין גאַט
25) אָבגעטער 26) רחמנות׳דיג 27) ביים צאָרנען 28) מלאכים — איז זיין כבוד אויסגעשפּרייט
29) וואָס נויטיגט זיך די נישט אין קיין פרעמדע לויב — זי איז די לויב אליין. 30) זיין וועלט
פיהרונג דרעהט זיך ווי אַ זיג = זאַג, פאַר׳ן מענש נישט איינגאַנצען פערשטענדליך און — סתירה׳דיג
31) פערהילט מיט אַ דונקעלער שוואַרצקייט 32) זיין געטלי אויזיכט וואָס געהט אַלעמען אַרום
33) די טריי־הסטע צווישען בעשעפענישען. 34) ווייסקייט — איז דער סימבאָל פון געטליכער
רחמנות, וואָס קהיט אבשטיפען דעם גזר ־ דין פון דער וועלט. 35) אַלץ איז ביי גאָט פונקט
און געגוי. 36) גאָט׳ס ווערטער דורך די נביאים וואָס לאָזען זיך הערען ווייט און ברייט 37)
אַזוי זעהט מען דעם אויסגעשטערענטען הימעל — אַ פערהילונג פון די אונזעהבאַרע געטליקייט

כַּאֲרָזִים. (טז) חִכּוֹ מַמְתַקִּים וְכֻלּוֹ מַחֲמַדִּים זֶה דוֹדִי וְזֶה רֵעִי
בְּנוֹת יְרוּשָׁלָםִ.

ו. (א) אָנָה הָלַךְ דּוֹדֵךְ הַיָּפָה בַּנָּשִׁים אָנָה פָּנָה דוֹדֵךְ וּנְבַקְשֶׁנּוּ
עִמָּךְ. (ב) דּוֹדִי יָרַד לְגַנּוֹ לַעֲרֻגוֹת הַבֹּשֶׂם לִרְעוֹת בַּגַּנִּים וְלִלְקֹט
שׁוֹשַׁנִּים. (ג) אֲנִי לְדוֹדִי וְדוֹדִי לִי הָרֹעֶה בַּשּׁוֹשַׁנִּים. (ד) יָפָה

---

(ט"ז). אַ גומען 40) — פול מיט זוסיגקייטען, אינגאַנצען — גלוסטיג — — — אַט איז מיין פריינד, 41) מיין בעגלייטער — (ווייכט זשע עס, איהר פעל־קער), טעכטער פון ירושלים!

## (די פעלקער — אויפן אדרעס פון דער כנסת־ישראל):

(א). וואוהין איז דיין פריינד געגאַנגען, (און דיך ווי אַ וויסטע אלמנה איבערגעלאָזט 1)? ווי אַ אויפגעריכטעטע פרוי, ביזטו ווידער צוריק אַ אויס־נאָהם; 2) ווי קעהרט זיך דיין פריינד? ווען מיר איהם זוכען, צוזאַמען מיט דיר.3) (זאָגט די כנסת ישראל):

(ב). מיין פריינד האָט געגידערט, אין זיין גערטיל 4), צו די בשמים־בייטען 5), פיטערען אין די גערטנער, 6) און קלויבען רויזען 7); אָבער נור —

(ג). א י ך צו מיין פריינד און מיין פריינד צו מ י ר 8) — (זענען ענג פערבונדען) — אינ'ם פיטערען די רויזען. 9)

## (הערט די כנסת ישראל — איהר ליב ביי גאָט):

(ד). דיין פראַכט איז דיר פערבליבען. מיין פריינדלינג! ווי אַמאָל אין ת ר צ ה, 10) אינ'ם שעהנעם ירושלים, אָבשרעקיג ווי בעפאָנטע 11)

---

39) דער ערד קוגעל, וואָס איז ווי אַ פוסטען י בענקעל — געגענאיבער די הימלישע וועלט טיילען (אין העברעאישען: הארץ הדום רגלי) העגגט אין אַ לופטיגען רוים און פעסט פעראנקערט

40) תורה ווערטער וואָס געהען פון גימען, זענען בע'טעמ'ט און אגציהענד 41) דצריבער ציהען די יודען בלויז נאָך גאָטס וואָרט, אַלס דאָס העכסטע און אַלס הימלישסטע איבער אַלע בעגריפען וואָס א מענש קען אויפפארען.

1) ביים הורבן פון ערשטען בית המקדש. 2) ביים גאולה־מאָמענט פאַר כורש מלך פרס 3) ווילען די פעלקער צוזאַמען מיט יודען בויען דעם צווייטען בית־המקדש. 4) צום מוריה פלאַץ 5) דאָס אָרט ווי מ'ברענגט דעם קטורת 6) אויך אויף די יודען אין גלות איז גאָטס הייליגקייט אויסגעשפרייט. 7) צוזאַמענגעהמען די זכותים פון יודען. 8) דאָס בויען דעם בית המקדש געהער אַלזאָ אויסשליך יודען. 9) פונקט ווי מיר האָבען זיך נישט צושיידט במשך דער גלות־צייט 10) די רעזידענץ פון דער יודישער מלוכה (עשרת השבטים). 11) חילות מיט פלאַטערדיגע

אַתְּ רַעְיָתִי כְּתִרְצָה נָאוָה כִּירוּשָׁלָ͏ִם אֲיֻמָּה כַּנִּדְגָּלוֹת.
(ה) הָסֵבִּי עֵינַיִךְ מִנֶּגְדִּי שֶׁהֵם הִרְהִיבֻנִי שַׂעְרֵךְ כְּעֵדֶר הָעִזִּים שֶׁגָּלְשׁוּ
מִן־הַגִּלְעָד. (ו) שִׁנַּיִךְ כְּעֵדֶר הָרְחֵלִים שֶׁעָלוּ מִן־הָרַחְצָה שֶׁכֻּלָּם
מַתְאִימוֹת וְשַׁכֻּלָה אֵין בָּהֶם. (ז) כְּפֶלַח הָרִמּוֹן רַקָּתֵךְ מִבַּעַד
לְצַמָּתֵךְ. (ח) שִׁשִּׁים הֵמָּה מְלָכוֹת וּשְׁמֹנִים פִּילַגְשִׁים וַעֲלָמוֹת
אֵין מִסְפָּר. (ט) אַחַת הִיא יוֹנָתִי תַמָּתִי אַחַת הִיא לְאִמָּהּ בָּרָה
הִיא לְיוֹלַדְתָּהּ רָאוּהָ בָנוֹת וַיְאַשְּׁרוּהָ מְלָכוֹת וּפִילַגְשִׁים
וַיְהַלְלוּהָ. (י) מִי־זֹאת הַנִּשְׁקָפָה כְּמוֹ־שָׁחַר יָפָה כַלְּבָנָה בָּרָה

---

(ה). ווענד אָב דיינע אויגען—זיי דערבליקען מיך דרייסט;12) דיינע האָר —
(אויסגעגלייכטע) ווי די צוגען - רייהען, 13) וואָס גליטשען זיך פון גלעד - באַרג.
(ו). דיינע ציין—ווי די שעפסען - רייהען, 14) ערשט ארויס פון דער וואַש ,15)
אַלע געפּאַסטע, קיין איין פעהלערהאַפטע נישטאָ;
(ז). ווי די מילגרוים - שטאַנג, איז דיין אויסגעהוילט געזיכט 16 — ווי
פון אונטער אַ שלייער;
(ח) זעכציג זענען זיי געווען — קעניגינ'ס, 17 אַכציג — 18 קייב'ס ווייבער
און יוגענדליכע — אהן אַ צאָהל.
(ט) איינע בלויז איז פערבליבען — גאַנץ 19 און טריי ווי אַ טויב, ווי אַ
איינציגע 20 ביי איהר מוטער; דורכזיכטיג-ריין ביי איהר געבוירערין 21 —
זעהען עס די איבריגע פעלקער - טעכטער, 22 איהר אויסנאַהמס לאַגע — די
קעניגען און קייב'ס - ווייבער — לויבען זיי איהר;
(י) ווער איז דאָס? די וואָס שיינט ווי דער מאָרגען-גלאַנץ, 23) פרעכטיג ווי

---

גפאָהנען (מלאכים)! וואַרפען אַ שרעק אויף די פעלקער נישט צו טשעפען מיט יודען. 2)
ביים ערשטען בית המקדש האָבען יודען געזעהן אַ צו שטאַרקע ליבשאַפט פון גאָט און האָבען נישט
געזאָרגט עס צו פערהיטען אויף שטענדיג. 13) בלויז אַ טייל יודען מיט די גבורים אין זייערע
רייהען, האָבען איינגעהיטען דאָס הייליגקייט. 14) די יודישע יוגענד, וואָס האָט אין איהרע
ריהען איינגעהיטען אַגרויסע טייל פון יודישען הייליגטום. 15) בריינגען אַ סך נוצען מיט זייערע
אַנצען וועזען. 16) די יודישע געלערנטע וואָס זענען פיעל מיט ח יטענשאַפט ווי דער מילגרוים
קערינדלעך; און בעשיידען — אָהן שטאָלץ 17) אברהם אביגו'ס קינדער און אייניקלעך. פון זיין
ווייב קטורה 16, פון זיין זוהן ישמעאל — 13, פון זיין זוהן יצחק — 3, יעקב'ס קינדער — 2)
עשיו'ס קינדר — 16, צוזאַמען 60. 18) אכציג — זענען געוועזען נח'ס קינדער, זיי רעכענען
זיך ווי קייב'ס ווייבער, לגבי אברהם'ס קינדער, און פרעמדע לגבי יודען. 19 זיי זענען שפּעטער
פערטיילט געוואָרען אין אונצעהליגע פעלקער און פאַמיליעס — בלויז די יודען זענען געבלי-
בען גאָט'ס איינציגע פאָלק פערבונדען מיט גאָט. 20) אויך די יודישע פונאַנדערגעשפּרייטע
גרופּען זענען פעראייניגט צווישען זיך דורך די תורה. 21) פאַר זיין פטירה, זעהט יעקב
אבינו די קינדער, אַלע איינינג אין גאָט'ס וואָרט. 22) אויך די פרעמדע פעלקער זעהען עס
23) דאָס אויפשיינען פון יודישען ליכט ביים צווייטען בית-המקדש. 24) דאָס ליכט וואָס

כַּחַמָּה אֲיֻמָּה כַּנִּדְגָּלוֹת. (יא) אֶל־גִּנַּת אֱגוֹז יָרַדְתִּי לִרְאוֹת בְּאִבֵּי
הַנָּחַל לִרְאוֹת הֲפָרְחָה הַגֶּפֶן הֵנֵצוּ הָרִמֹּנִים. (יב) לֹא יָדַעְתִּי
נַפְשִׁי שָׂמַתְנִי מַרְכְּבוֹת עַמִּי נָדִיב.

**ז.** (א) שׁוּבִי שׁוּבִי הַשּׁוּלַמִּית שׁוּבִי שׁוּבִי וְנֶחֱזֶה־בָּךְ מַה־תֶּחֱזוּ
בַּשּׁוּלַמִּית כִּמְחֹלַת הַמַּחֲנָיִם. (ב) מַה־יָּפוּ פְעָמַיִךְ בַּנְּעָלִים בַּת־
נָדִיב חַמּוּקֵי יְרֵכַיִךְ כְּמוֹ חֲלָאִים מַעֲשֵׂה יְדֵי אָמָּן. (ג) שָׁרְרֵךְ אַגַּן

---

די לבנה, 24) לויטער ווי די זון, אָבשרעקיג ווי (מיליטער)-בעפאָהנט ? (הערט מען די ווערטער פון גאָט):

(י״א). צום ניסען גאָרטען האָב איך געניזערט 25) בעזעהען דאָס גרינ׳ב אין טהאָל 26) זעהען צי האָט דער פייגענבוים אויפגעבליהט, 27) די מילגרוימען • 28) אויפגעשפראָצט ?

## (בעדויערט עס די כנסת ישראל):

י״ב). כ׳האָב נישט געוואוסט וואָס אין מיין נשמה טהוט זיך, 29) האָב איך זיך בעלאָזט. 30) פערוואַנדלען אין א רייט-וואָגען, אונטער די פעלקער זיך גוט-חיליג — אונטערגעוואָרפען.

## (פרובען די פעלקער איבעררעדען דער כנסת ישראל):

(א). קעהר זיך אום, ענד זיך אָב, פון דיין פולקאמענער טרייהייט — (אין גאָט); קעהר זיך, יוענד דיך — און מיר ווילען דיך זעהען, אַ דערהויבענע 1) (ענטפערט די כנסת ישראל):

— וואָס אַ שטייגער ווילט איהר מיך זעהען, די אינגאַנצען-פערטרייטע, 2) לאָזען-טאַנצען אין פרעמדע מחנות ? (ניין! איך וויל בעסער הערען אָט מיין רוהם):

— (ב) ווי שעהן עס זעגען דיינע געשטעלטע טריט: 3) די טאָכטער-ליכע צארט-קייט, אומפאַסענדיג דיינע פוס-גלידער, ווי רינגען — פון אַ מייסטער האַנד.

(ג) דיין אָרגאַנישער מיטעל-פונקט, 4) ווי אַ רונדיגער בעקען — ס׳זאָל נישט

---

ווערט גסדר שטארקער און הערליכער. 25) צום צווייטען בית המקדש. 26) דאָס פייכטקייט ביי יודען, פון גוטע מעשים. 27) די נייע אויפגעוואקסענע תלמידי-חכמים. 28) נייע צדיקים ביי יודען. 29) די לאַגע ביים ברודער-קריעג צווישען די חשמונאים מלכים. 30) דאָס רוימישע פאָלק — וואָס האָט זיך אַיינגעכאַפּט אין יודען-לאַנד — מיט די אייגענע יודישע הענד.

1) מיר ווילען פון דיר בעשטימען פירשטען און גענעראַלען. 2) פאָלק, וואָס איהר קענט מיר געבען, איז נישט אַזוי השוב ווי מיין אמת׳ר יודישער רוהם. 3) ביים אויפגעהן עולה = רגל זיין אין בית = המקדש. 4) דער סנהדרין = פּלאַץ אין לשכת = הגזית. 5) שטענדיג מוז דער קאָמפּלעט זיין

הַסַּהַר אַל־יֶחְסַר הַמָּזֶג בִּטְנֵךְ עֲרֵמַת חִטִּים סוּגָה בַּשּׁוֹשַׁנִּים׃
(ד) שְׁנֵי שָׁדַיִךְ כִּשְׁנֵי עֳפָרִים תָּאֳמֵי צְבִיָּה׃ (ה) צַוָּארֵךְ כְּמִגְדַּל הַשֵּׁן
עֵינַיִךְ בְּרֵכוֹת בְּחֶשְׁבּוֹן עַל־שַׁעַר בַּת־רַבִּים אַפֵּךְ כְּמִגְדַּל
הַלְּבָנוֹן צוֹפֶה פְּנֵי דַמָּשֶׂק׃ (ו) רֹאשֵׁךְ עָלַיִךְ כַּכַּרְמֶל וְדַלַּת
רֹאשֵׁךְ כָּאַרְגָּמָן מֶלֶךְ אָסוּר בָּרְהָטִים׃ (ז) מַה־יָּפִית וּמַה־נָּעַמְתְּ
אַהֲבָה בַּתַּעֲנוּגִים׃ (ח) זֹאת קוֹמָתֵךְ דָּמְתָה לְתָמָר וְשָׁדַיִךְ
לְאַשְׁכֹּלוֹת׃ (ט) אָמַרְתִּי אֶעֱלֶה בְתָמָר אֹחֲזָה בְּסַנְסִנָּיו וְיִהְיוּ־נָא
שָׁדַיִךְ כְּאֶשְׁכְּלוֹת הַגֶּפֶן וְרֵיחַ אַפֵּךְ כַּתַּפּוּחִים׃ (י) וְחִכֵּךְ כְּיֵין

---

פעהלען דער צוגוס; 5) דיין אינגעווייד=פערהילונג — ווי אַ ווייצען גאַרב, 6) ארומגעשנירט מיט רויזען; 7)

(ד) דיינע צוויי פפלעגערינ'ס 8) — ווי צוויי יונגע הירשען, אַ צווילינג=פּאָר;

(ה). דיין האַלזען-שטאַרקייט — ווי אַ ביינערנער טהורם; דיינע אויגען 9) — פליסענדע קוואַלען, ביים גרויסען פעלקער-טויער: דיין געזיכט 10) — ווי דער טהורם, מיט'ן בליק צו דער זייט פון דמשק.

(ו). דיין קאָפּ 11) אויף דיר, — ווי דער כרמל (אויף די בערג), און די האָר-זאַמלונג 12) — ווי אַ קעניג, אין פורפור, געבונדען אין שטאַנגען. 13)

(ז). אָ! ווי שעהן דו ביזט, און ווי אנגענעהם — דיין ליעבליך=פערווייַלען. 14)

(ח). אָט, איז דיין הויכקייט — ביזט געבליבען שטעהן, גלייך ווי דער פּאַלמען-ביים, 15) און דיינע פפלעגערינס 16) — ווי די בונט טרויבען-צווייגען (און גאָט רוהמט ווייטער די יודען 17), וועלכע זאָגען)

(ט). זאָג איך, צו שטייגען אויף די פּאַלמען-הויכקייטען, זיך אָנהאַלטען אין די צווייגען; 19) און זאָלען מיך די פפלעגערינס 20) אונטערהאַלטען, ווי די ווייַנשטאָק-שטאַנגען, און דאָס אָטהעמען — אויפגעברויזט ווי פון עפּיעל געשמאַק.

—(י) און פון גומען זאָל פליסען—ווי גוטער ווייַן צו דערהאַלטען מיין פריינד'ס ליעבשאַפט—וואָס בעוועגט די מיעדע ליפּען. 20)

---

פּול. 6) אלע נויטיגען זיך אין זיי ווי אין אַ שפייזערין. 7) די תורה-צוימונגען בעשעהגען דאָס יודישע לעבען ווי רויזען. 8) דער מלך און כהן - גדול. דער היכל און דער מזבח — מיט זייער אויסגעשטאַרטער הויכקייט. 9) די יודישע חכמים (ווייט זעהער), וואָס לאָזען זייער וואָרט'הערען ווייט און ברייט. 10) דער ריכטער וואָס זעהט פאַר זיך אַלץ פּוג'ם אמת'ן פונקט. 11) די שכינה וואָס רוהט אויף איהרס קאָפּ, וואָס — אלע ווילען איהר זעהען. 12) די נביאים וואָס ציהען זייער יניקה פון די שכינה. 13) אזוי זעהט מען זיי אויך געבונדען אין גאָט, 14) ווען די יודען געפונען זיך אויפ'ן ריכטיגען פּלאַץ. 15) ווע אלע פעלקער = פאַרשטעהער פאַלען אויפ'ן פּנים פאַר נבוכדנצר'ס עבודה זרה -- אָבער די יודען נישט. 16) דניאל, חנניא, מישאל און עזריה, וועלכע געפונען זיך אין קעניגליכען .הויף און בלייבען ביי זייער טרייער יודישער צדקות. 17). גאָט רוהמט פאַר די מלאכים די יודען, וועלכע תיליגען זיין נאָמען אויך אין שווערען גלות. 18) די יודישע חכמים זאָלען מיט זייער פעסט וואָרט אָבוואַרפען אלע טענות מיט וועלכע די בבל'ער ווילען אריינציהען אין זייער נעץ די יונגע יודישע קינדער, אזוי אז די יודען זאָלען זיך קענען דערהאַלטען ביי זייער אמונה. 19) די חכמים מוזען זיין פאָרזיכטיג מיט זייערע ווערטער — דאָס עס זאָל שמעקען ווי בעסער ווייַן. 20) אזוי פעסט זענען די יודען פערבונדען מיט גאָט. 21) זאָל מען זעהען ווי

הַטּוֹב הוֹלֵךְ לְדוֹדִי לְמֵישָׁרִים דּוֹבֵב שִׂפְתֵי יְשֵׁנִים. (יא) אֲנִי
לְדוֹדִי וְעָלַי תְּשׁוּקָתוֹ. (יב) לְכָה דוֹדִי נֵצֵא הַשָּׂדֶה נָלִינָה
בַּכְּפָרִים. (יג) נַשְׁכִּימָה לַכְּרָמִים נִרְאֶה אִם־פָּרְחָה הַגֶּפֶן
פִּתַּח הַסְּמָדַר הֵנֵצוּ הָרִמּוֹנִים שָׁם אֶתֵּן אֶת־דֹּדַי לָךְ. (יד) הַדּוּדָאִים
נָתְנוּ־רֵיחַ וְעַל־פְּתָחֵינוּ כָּל־מְגָדִים חֲדָשִׁים גַּם־יְשָׁנִים דּוֹדִי
צָפַנְתִּי לָךְ.

ח. (א) מִי יִתֶּנְךָ כְּאָח לִי יוֹנֵק שְׁדֵי אִמִּי אֶמְצָאֲךָ בַחוּץ אֶשָּׁקְךָ
ם לֹא־יָבֻזוּ לִי. (ב) אֶנְהָגְךָ אֲבִיאֲךָ אֶל־בֵּית אִמִּי
ג

---

## (ענטפערט די כנסת ישראל ענטשלאָסען):

(יא). איך בין מיין פריינד'ס, און זיין בעגעהר איז צו מיר. (20) (און איך רופ איהם):

(יב.) קום, מיין פריינד! לאָמיר געהן אין פעלד, נעכטיגען אין די דערפער;(21

(יג) בעגינען אויפשטעהן — צו די וויינגערטנער, זעהען: צי דער וויינשטאָק בליהט, צי עס פיקען זיך די וויין=טרויבען, צי עס שפּראָצען די מילגרוימען 22) — דאָרט, וועסטו פון מיר פערנעהמען, מיין פריינדשאַפט צו דיר. (וועסטו אויך זעהען 23) אַז):

(י"ד) די מענשען-גרעזער, 24) לאָזען זיך געשמאַקפול (פערנעהמען), און אונזער איינגאַנג — בעהאַנגען מיט אַלע זיסע פרוכטען, 25) פרישע ווי אַלטע 26), זע-
ען פאַר דיר, מיין פריינד, בעהאַלטען געוואָרען.
נ

## (די כנסת ישראל בעט אויף אַ אייביגער טרייסט פון גאָט):

(א) ווער וועט דיך מיר צוריקגעבען, (איך זאָל געמרייסט ווערען) ווי פון אַ ברודער 1) פון איין מוטערליכע ברוסט געזויגען; לאָמיך ווידער טרעפען דיינע נביאים אין גאַס, און אויסקושען (מיט ליעבשאַפט) די ווערטער וואס זיי רעדען עפענטליך אין דיין נאָמען—זיי וועלען עס מיר פאַראיבעל נישט נעהמען. 2)

(ב). כ'זאָל מיך מיט דיר פיהרען, דיך ברענגען אין מיין מוטער-הויז, 3

---

פעלקער וועלכע האָבען פול גוט'ס און זיי זעגען פיעל מיט זינד. 21) אין די שיהלען און בתי מדרשים—דאָרט זעהט מען די יודען לערנען אויך פון גרויס ענגשאַפט — 22) די תלמידי חכמים צדיקים און פרומע — ווי אויבען. 23) לודען'ס גוטסקייט. 24) אויך די רשעים האָבען זיך אומגעקעהרט צו גאָט. 25) פיעל מיט מצות. 26) און נייע תקנות זענען איינגעפיהרט אין יודענטום, בכדי איינצואיהיטען דאָס יודישקייט.

ח. 1) פּונקט ווי יוסף האָט געטרייסט זיינע ברודער, און זיי פערשפּראָכען צו טהון גוט'ס חאָטש זיי האָבען איהם געזוכט צו טהון שלעכטס. 2) וויסענדיג אַז איך אַנטגעה פון ליבשאַפט נאָך גאָט'ס וואָרט. 3) אין אייביגען בית-המקדש. 4) פונקט ווי אין אהל-מועד ביים משכן וואו יודען

תְּלַמְּדֵנִי אַשְׁקְךָ מִיַּיִן הָרֶקַח מֵעֲסִיס רִמֹּנִי. (ג) שְׂמֹאלוֹ תַּחַת
רֹאשִׁי וִימִינוֹ תְּחַבְּקֵנִי. (ד) הִשְׁבַּעְתִּי אֶתְכֶם בְּנוֹת יְרוּשָׁלָםִ
מַה־תָּעִירוּ וּמַה־תְּעֹרְרוּ אֶת־הָאַהֲבָה עַד־שֶׁתֶּחְפָּץ. (ה) מִי
זֹאת עֹלָה מִן־הַמִּדְבָּר מִתְרַפֶּקֶת עַל־דּוֹדָהּ תַּחַת הַתַּפּוּחַ
עוֹרַרְתִּיךָ שָׁמָּה חִבְּלַתְךָ אִמֶּךָ שָׁמָּה חִבְּלָה יְלָדַתְךָ. (ו) שִׂימֵנִי
כַחוֹתָם עַל־לִבֶּךָ כַּחוֹתָם עַל־זְרוֹעֶךָ כִּי־עַזָּה כַמָּוֶת אַהֲבָה

---

דארט זאלסטו מיך ערלערנען 4) (דאס ברענגען קרבנות אויך נסכים)—פון געקאָכטען וויין, פון מילגרוימען=זאפט.

(ג). דיין לינק'ס זאל מיר שטענדיג, דעם קאפ אונטערהאלטען, און דיין רעכט'ס—ארומנעהמען,5) (אזוי אז אויך צווישען די פעלקער זאל איך זיין געשיצט):

(ד). אונטער דער שבועה, צו די פעלקער: עס וועט אייך גארנישט העלפען, צי וואס זשע זאלט איהר דערוועקען און אויפרודערען (צי גאר פרובירען אונטערדריקען), די ליעבשאפט (פון יודען צו גאט, וואס איז איינגעוואקסען) איג'ם טיעפען שטרעבען.6) (דען אזוי זאגט גאט):

(ה) ווער האט עס אזוי ווי די יודען געקאנט שטייגען און דערהויכט ווערען, פון דער וויסטעניש7), זיך אנשפארענדיג אויף איהר פריינד, 8) (וועלכער דערמאנט איהר): אונטער דעם עפעל=בוים 9) האב איך דיך דערוועקט, 10) דארט האבען זיך געהערט די מוטערליכע וויהען 11) דארט האבען די וויהען געברענגט דעם פאלק'ס געבורט.12)

(ו). טראג זשע מיך, פעסט=פערזיגעלט אויף דיין הארצען,13) אנגעזיגעלט אין דיינע ארעמ'ס, (וועסטו זעהן, או)—שטארק ביז צום טויט איז מיין ליעבשאפט. 14) שווערער ווי צום אבגרונד איז געוועזען די אייפערזוכט 15), (דאך האב איך מיך געווארימט)—אין איהרע פונקען, די פייער=פונקען וואס קומען פון געטליכען פלאקער.16)

---

האָבען ערלערנט די תורה דורך משה רבינו. 5) ווי אין אַלע צייטען, ווען די יודישע מחנה איז איינגאַנצען בעשיצט אונטער גאָט'ס אויפזיכט. 6) דאָס איז די שבועה צו די פעלקער, זיי זאָלען לאָזען צורוה די יודען (שוין דערמאָנט אייביגע מאָהל). 7) אין דער מדבר זענען די יודען דערהויבען געוואָרען צו מתן-תורה און געטליכע אפענבאַרונג (התגלות אלוקית). 8) צו זיין אויף אייביג אנגעבונדען און פעראייניגט מיט גאָט. 9) ביי מתן=תורה, האָט דער באַרג סיני איבערגעדעקט די יודישע מחנה אין דער פאָרים פון אַ עפעל=בוים. 10) דאָז האָט די יודישע הארץ=איינינקייטן ארויסגערופען דעם מאָמענט פון מתן-תורה. 11) די יודען זענען שיעור. נישט אויסגעגאַנגען און פערלוירען דאָס חיות, הערענדיג גאָט'ס וואָרט. 12) האָט גאָט גארמירט דאָס איבערגעבען די תורה דורך משה=רבינו, אזוי אז יודען זאָלען זיך קאָנען דערהאַלטען אלס פאָלק און מענשען. 13) קיינמאָל נישט צו פערגעסען אין יוו'ען. 14) רערפאר זענען עס יודען געגאַנגען שטענדיג גרייט צו מסירת=נפש פאר קידוש-השם. 15) די פעלקער האָבען מקנא געווען די יודען, און גור בעזוכט אבצורעדען יודען פון גאָט, און זיי פערפיהרען ביז'ן שאול תחתיות. 16) די תורה

קָשָׁה כִשְׁאוֹל קִנְאָה רְשָׁפֶיהָ רִשְׁפֵּי אֵשׁ שַׁלְהֶבֶתְיָה׃ (ז) מַיִם
רַבִּים לֹא יוּכְלוּ לְכַבּוֹת אֶת־הָאַהֲבָה וּנְהָרוֹת לֹא יִשְׁטְפוּהָ
אִם־יִתֵּן אִישׁ אֶת־כָּל־הוֹן בֵּיתוֹ בָּאַהֲבָה בּוֹז יָבוּזוּ לוֹ׃
(ח) אָחוֹת לָנוּ קְטַנָּה וְשָׁדַיִם אֵין לָהּ מַה־נַּעֲשֶׂה לַאֲחוֹתֵנוּ
בַּיּוֹם שֶׁיְּדֻבַּר־בָּהּ׃ (ט) אִם־חוֹמָה הִיא נִבְנֶה עָלֶיהָ טִירַת כָּסֶף
וְאִם־דֶּלֶת הִיא נָצוּר עָלֶיהָ לוּחַ אָרֶז׃ (י) אֲנִי חוֹמָה וְשָׁדַי
כַּמִּגְדָּלוֹת אָז הָיִיתִי בְעֵינָיו כְּמוֹצְאֵת שָׁלוֹם׃ (יא) כֶּרֶם הָיָה

---

(ז). פיעל וואסערן וועלן נישט קענען פארלעשען די ליעבשאפ׳ט, און טייכען גאנצע 17) וועלען איהר אויך נישט פערפלייצען, און—זאל אפילו א מענש אוועקגעבען דערפאר זיין גאנץ הויז-פערמעגען 18), וועט מען נור איהם אויס-לאכען. 19)

(ח). שוועסטערליך פערבענקט, (אין גאט), א קליינע צווישען פעלקער אהן פלעגעריגס 20)—(האבען זיי זיך דערהאלטען). וואס טהוט מען אבער, ווען מ׳הויבט אן רעדען (און זיך סוד׳ן) וועגען די זעלבע, שוועסטערליך פערבענקטע, (איהר אומצוברענגען אלס 21) פאלק, דאן—אויב זי וועט זיך קענען דערהאלטען געגענאיבער די פעלקער):

(ט). פעסט ווי א מויער, וועט זי בלייבען 22)—דאן וועט מען אויף איהר קענען אויסבויען א זילבער-טהורם 23); אויב אבער—ווי א טהיר (וואס עפענט זיך), וועט מען מוזען אנקלאפען א צעדער-טאוועל 24). (און)—

(י). איך—(האב מיך טאקע געהאלטען) מויערען-פעסט, 25) אין די טהורם-פעסטונגען, (איינגעשלאסען) מיט מיינע פלעגעריג׳ס 26, דאן האב איך עס ערשט רעכט דערגרייכט צו פולער פערפאלקאמענהייט,

(י״א) ווי א פאלקאמענער ווייגארטען (בין איך ביי גאט) געווען 27) אויך

---

וואס איהרע ווערטער ווארימען ווי דאס ברענענדיגסטע פייער. 17) די פעלקער און הערשאפטען וואס האבען אין גלות געפרובט בעצהאונגען די יודען. 18) אויך די וואס האבען די יודען בעוואלט נעהמען מיט׳ן וועלטליכען פערפיהרעשען רייך. 19) ביי די יודען איז עס א געלעכטער דאס גאנצע וועלטליכע פערגענלעכע, וואס די פעלקער מאכען עס פאר א צנדע צהעק. 20) אזוי האבען זיך די יודען געהאלטען אין מצרים, ווי די קלענסטע צווישען פעלקער, וואס עס האט זיי דערהאלטען. 21) אין גלות-בבל אבער, זעהען שוין די פעלקער דעם מאראלישען מעכטיגען קראפט פון יודישען פאלק, און זוכען עצות עס צו פערניכטען. 22) דאס זאגען די נביאים: וועלען די יודען זיך האלטען פעסט אבגעזונדערט און אייגענארטיג, נישט אסימילירען זיך, נישט פעראייני-גען זיך מיט זיי, און נישט שליסען קיין פאמיליארע פערבינדונגען מיט די פעלקער. 23) וועט צוריק-קומען צום בוי פון א נייעם בית-המקדש. 24) ווי נאך א פערשטארבענעם וואס פוילט אין קבר. 25) דאמיט שטאלצירען די יודען, — זייער אויסגעהאלטענקייט צווישען די פעלקער. 26) אנגעשלאסען אין די תורה-געלערנטע וואס פערשטרייטען און פראפאגאנדירען גאט׳ס ווארט, פון די שוהלען און בתי-מדרשים ארויס. 27) דאס יודישע פאלק ווערט ביים נביא געגליכען צו א ווייגארטען— דארט

לִשְׁלֹמֹה בְּבַעַל הָמוֹן נָתַן אֶת־הַכֶּרֶם לַנֹּטְרִים אִישׁ יָבִא
בְּפִרְיוֹ אֶלֶף כָּסֶף. (יב) כַּרְמִי שֶׁלִּי לְפָנָי הָאֶלֶף לְךָ שְׁלֹמֹה
וּמָאתַיִם לְנֹטְרִים אֶת־פִּרְיוֹ. (יג) הַיּוֹשֶׁבֶת בַּגַּנִּים חֲבֵרִים
מַקְשִׁיבִים לְקוֹלֵךְ הַשְׁמִיעִנִי. (יד) בְּרַח דּוֹדִי וּדְמֵה־לְךָ לִצְבִי
אוֹ לְעֹפֶר הָאַיָּלִים עַל הָרֵי בְשָׂמִים.

---

אין דער פול-בעפעלקערטער י ר ו ש ל י ם—האט עס מיך גאט איבערגעגעבן, ווי א ווייגנגארטען צו פרעמדע היטער'ס 28) זיי זאלען עס פון מיין פרוכט געניסען, און זיך פארשאפען אין די טויזענדער טאלער'ס 29) (ער וועט עס אבער ביי זיי צוריק פאדערען):

(י"ב). מיין ווייגנגארטען איז עס, און פאר מיר זאלט איהר רעכנונג אבגעבען! 30) (פערענטפערען זיי זיך): די יודען זענען גאנץ געבליבען 31), זעה דיינע טויזענדער, און נאך פיעל הונדערטער-פארען 32) איז ביי זיי צוגעקומען, צווישען די פרעמדע היטער'ס, פון זיין פרוכט.

## (זאגט גאט צו דער כנסת-ישראל):

(י"א). ביזט מיט די יודען אויסגעשפרייט, אין גלות אויף פרעמדע גערטנער גאנצע חברותא'ס שטויסען זיך דאך צו דיר, 33) ווילען דיין ווארט אויפפאסען און ווילען עס הערען.

## (ענטפערט די כנסת ישראל):

(י"ב). לאמיך אנטלויפען 34), מיין פריינד, פון גלות, און אייל מיין דערלייזונג, ווי דער לויפענדער הירש אדער די יונגע פון ווידרעס.

און זאל דיין שכינה רוהען אויף די געווירצטע בערג, אויפ'ן מוריה וואו עס וועט אויפגעבויט ווערען א נייער בית-המקדש אויף אייביג.

---

געפונט מען כהנים, לוים, צדיקים און אלערליי גוטע מענער, פונקט ווי די בעסטע פרוכטען אין א ווייגנגארטען. 28) ווען די יודען האבען זיך פערזינדיגט און געהען אין גלות. 29) זיי געהמען פון יודען שטייערען און אלערליי אבצאהלונגען. 30) איך ווייס אלץ וואס איהר האט פון יודען מיט געוואלד גענומען. 31) גישט נור וואס מיר האבען זיי נישט צובראכען, נאר זיי זענען נאךמעהר אויסגעוואקסען 32) גייסטיג האבען די יודען זיך אזוי געשטארקט און גלות, מיט אגאנצע רייח תלמידי-חכמים און תורה-מענער, אז ביי זיי איז פארהאן דאס אמת'ע רייכקייט. 33) אויך די מלאכים אין הימל באוואונדערען די יודען אין גלות, אויך דרענגען זיך, צו הערען און זעהען דאס אמת'ע יודישע תורה-לעבען. 34) די כנסת ישראל וויל מעהר נישט זיין פערוואגעלט, האטש אויך אין גלות ווערט זי געהיטען פון גאט—זי וויל זיך אומקעהרען אויף איהר ריכטיגען פלאץ אין בית המקדש.

